# די יודישע פאַמיליע

## אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל
## פיר ליטעראטור און וויסענשאפט.


פערלאַג: חברת „אחיאסף".

DEZEMBER 1902. | II. באנד. העפט 5-6. | כסלו, תרס"ג.



אבאנאמענטס־פרייז
פיר עסטרייך־אונגארן:

יעהרליך . . . . —.10 קראָנען
האלביעהרליך . . —.5 „
פיערטיליעהרליך . 2.50 „

איין איינצעלט העפט 80 העללער.

פרייז פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פון דער צייטונג „דער יוד": נור — $3\frac{1}{2}$ קראָנען (מיט פאָרטאָ) (3 מאַרק, 3 שיללינג, 4 פראַנק).

דער פרייז פיר רוסלאַנד:

גאַנץ־יעהרליך . . . . 4 רובל
האלביעהרליך . . . . 2 „
פיערטיליעהרליך . . . 1 „

פאַר די יעהרליכע אבאָנענטען פון דער צייטונג „דער יוד": נור 1 רובל (מיט פארטאָ 1.50).

פרייז פיר יעדעס העפט — 40 ק.

פרייז פון מודעות:

1 זייטע 20 רובל, $^1/_2$ זייטע 12 ר.
$^1/_4$ זייטע 6 רובל, $^1/_8$ זייטע 3 ר.

אדרעסע:
Administration „Die Jüdische Familie,
Krakau, Gertrudy 16.
פיר רוסלאַנד:
Изд. Ахіасафъ, Варшава.


## אינהאלט:




קראקא
דרוק פאָן יוסף פישער (גראָדגאַססע 62).

פון 1 יאנואר 1903 וועט ערשיינען

# דער פריינד

## די ערשטע טעגליכע פאלקס־ציימונג אין יודישער שפראך

(זשארגאָן)

הערויסגעגעבען אין **פעטערסבורג**

פון **שאול גינזבורג** און **שבתי ראפאפארט.**

„**דער פריינד**" וועט קומען צו הילף דעם פאלק און וועט איהם געבען אלע ידיעות און נייעס פון דעם טעגליכען לעבען, וועלכע מוזען יעדען אינטערעסירען און וועלכע זענען יעדעם נייטיג אלס מענש און אלס יוד.

„**דער פריינד**" וועט זיין דער פערמיטלער צווישען דעם פאלק און דעם געבילדעטען קלאס; אין דעם „**פריינד**" וועט דאס פאלק געפינען איין אבקלאנג פון זיינע בעדערפנישען און שטרעבונגען און קענען אויסהערען, וואס עס רעדט צו איהם די אינטעליגענץ.

„**דער פריינד**" וועט העלפען פערבעסערן די לאגע פון פאלק, וועקען דאס פאלק, עס זאל זיך לערנען אלס מענש און אלס יוד די לאנדעס־שפראכע, אונזער אלטע נאציאנאלע שפראכע, עס זאל האבען א ציעל אין לעבען, העלפען געבען דעם פאלק אלע ידיעות, קענטניסע און עצות, דורך וועלכע זיין לעבען קען ווערען קלערער, שענער און לייטישער.

מיר וועלען ניט שפארען קיין קרעפטען און מיטעל, אונזער ציימונג זאל **ניט** נור טראגען דעם נאמען „**פריינד**", נאר עס זאל זיין אנ'אמת'ער „**פריינד**" פון דעם פאלק.

# אַגָלות־יוד.

(ערצעהלונג).

---

I.

ר׳ יודא דער אַלטער איז אַ יוד מיט א הדרת־פּנים.

ער האָט אַ הויכען ווייסען שטערן מיט בולט׳ע שלעפען, אַ שענע נאָז, א לאַנגע און אַ שמאָלע, קיילעכדיגע ראָזעווע באַקען, אַרומגעקרייזטע מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד — זיין בכבוד׳יגער עדות אויף זיין עלטער... די ווייסע, דינע און ווייכע האָר זענען מזהיר: אָהן עזות, יונגאַטשעס! ר׳ יודא האָט לאַנג געלעבט און שען געלעבט! אלע האָר פון זיין באָרד האָבען זוכה געווען ווייס צו ווערען, ווי די ווייסע טייבעליך... בעריהמען וועט איהר זיך נאָך, אז איהר וועט אויך אַזוי די וועלט אויספיהרען״...

נור די אויגען זענען ביי ר׳ יודא׳ן שוואַכע, די ברעהמען — רויטע; צי רויך, צי שטויב — ווער ווייס, וואָס עס האָט זיי געשאַדט? — צי ביי אַ שטאַרקער ליכט... געוועהנליך טהוט ער דערביי אַ שמייכעל און זאָגט:

-- דער לעבעדיגער, כביכול, זשאַלעוועט ניט קיין ליכט...

— איז וואָס מאַכט איהר צו די אויגען? —

— קינדערליך, איך האָב ליעב די ליכט, די מתנה פון דעם לעבעדיגען, כביכול, נור מיין פינסטערע דירה האָט מיך אָבגעוואָהנט פון דעם, און דערצו האָב איך היינט שלעכט געשלאָפען, ניט פאַר קיין מענשען געדאַכט...

און עפּיס אַ פערדרוס פערשפּרייט זיך אויף זיין פּנים, וואָס צוליעב זיין פינסטערער דירה און זיין שלעכטען אברוה היינט דאַרף ער זיך אָבקעהרען פון דעם לעבעדיגענס מתנה.

ר׳ יודא דער אַלטער איז נאָך אַ געזונדטער יוד, זעהט אויס פריש און מוטהיג, ער האָט אַ שטאַרקען טראָט און איז נאָר ניט איינגעבויגען, לויט זיינע יאָהרען. ר׳ יודא רויכט ניט און שמעקט ניט קיין טאַבאַק, האָטש ער איז אַ יודע־ספר, און זיין הלוך איז אַ ציכטיגער; ער איז שטענדיג ריין געקליידעט — זיין סאמעטענער הוט, זיין שפּיצעכדיגע יאַרמולקע און זיין שוואַרצער סורדוק זעהען אויס שטענדיג שבת־דיג: אַנ׳אָפּטער גאַסט און פאָרט אַ גאַסט...

— א יוד איז קיין שכור ניט — זאָגט ר׳ יודא, — אין קיט וועלגערט ער זיך ניט. דאַרף ער זיין ריין... אויף זיין טלית מיט דער עטרה געפינט זיך ניט קיין איבריגער קנייטש, און דער טלית זעהט אויס אלע מאָל געשפיגעלט.

— דאָס האָט אונז דער לעבעדיגער, כביכול, א מונדיר געגעבען, דאַרפען מיר דאָס אָבהיטען... און ר׳ יודא היט מאָדנע אָב אלעס, וואָס איז שייך צום מונדיר: ער פערמאָגט צוויי פאָר תפלין — רש״י׳ס און רבינו ת׳ם׳ס — ביידע פון „עור־אָהד״, ביידע אין בעזונדערע תפלין־זעקליך פון שוואַרצען שליאק: ער האָט שוין געזוכט און בעקומען ביי בעריל שניידער א „אמת׳ן גוטען שליאק“. עס איז ביי איהם אלעס געקינצעלט, ווי ביי א יונגיל, וואָס איז ערשט „בר־מצוה“ געוואָרען, — זיין געדאַנק און געפיהל לענט ער אוועק אלע טאָג אין דעם, אז די רצועה זאָל זיין מהודר׳דיג אַרומגעדרעהט אויפ׳ן האַנד: צו דעם האָט ער אַ ליעבשאַפט און אין דעם איז זיין גאוה:

— אָט זעהט איהר, ווי אַ רצועה דאַרף ליגען! אויסגעלעגט, ווי אַ סטענגע, ניט אָנגעדרעהט, ווי אַ שטריק... ר׳ יודא האָט ליעב א סדר אין שטוב, עס זאָל זיין איינגעראָמט און אַלעס זאָל אויפ׳ן אָרט זיין אַוועקגעשטעלט. זיין אַלטיטשקע חוה, אָדער „יודא׳כע“, ווי מען רופט זי אין גאַס, פיהרט די שטוב אמת בעל־הבתי׳ש — ר׳ יודא העלפט אויך צו. ער איז אַ בעל־הבית אין אַ שטוב, ניט איין אורח: ער זעהט צו און פערהיט. וואָרום בטבע האָט ר׳ יודא ליעב די היים, דאָס שטובינע לעבען, און איז מיט דעם שטאַרק פערנומען; ווידער אויך, האָט ער „יודא׳כען“ ליעב און העלפט איהר, כדי צו פערהיטען איהר דעם געזונד. עס זענען דאָ נאָך פיעל טעמים, פאַר וואָס ר׳ יודא האַפט זיך אַזוי צו א שטובינער אַרבייט. ער, למשל, טראָגט אַרויס פון שטוב אַביסיל מיסט אין זיינע איינענע הויפענס און גיסט אַרויס אַביסיל אינריין האַסער,—כדי ער זאָל קאָנען אַ „יודיש וואָרט“ זאָגען אין שטוב... ער שיט אָן פאַר כפרה־היהנער אַביסיל קערנער. וואָרום עס איז דאָך אַ צער־בעלי־חיים: געננג טאַקי, וואָס זיי ליידען, נעביך, פאַר דעם מענשענס חטאים... און, אַז זיי זעט׳גען זיך אָן, לאָזען איבער אַ פאָר קערנער אויפ׳ן פאָדלאָגע, פערקאַשערט ר׳ יודא די פאָלעס פון סורדוק, ער זעצט זיך אויף די קניה און קלויבט אונטער מיט די פינגער קאָ׳ן נאָך קאָ׳ן, וואָרום עס איז פשוט אַ שאָדען — קיין איבריגע איז ניטאָ, ברוך־השם... אויף אַזאַ׳נ׳אופן האָט זיך ר׳ יודא אַריינגעצווינגען אין שטוביגע אַרבייט, און — בינו־לבינו — איז ביי איהם אין שטוב ריין און ציכטיג אַ גאַנ׳ן יאָהר, שוין ניט זאָגענדיג — פסח, ווען עס איז אַ חשש־המיץ...

ר׳ יודא מיט זיין חוה׳ן לעבען זיך שטיל און עהרליך, ווי צוויי טייבעליך, וואָס שטעהען אויפ׳ן דאַך און „בענעהמען“ גאָט׳ס וועלט: איינער דעם צווייטען קוקט אין די אויגען אַריין, איינער אָהן דעם צווייטען מאַכט ניט אַ טריט.

זיי שטעהען אויף גאַנץ פריה. חוה נעמט זיך צום קליינעם סאַמאָוואר׳ל, זי גיסט אין איהם אָן וואַסער און זי שעפציט דערוויילע, וואָס זי דאַרף און וואָס זי ווייס „אויסווענינג״, זי וואַרפט אָן קוילען — און שעפציט זיך, זי בלאָזט אויף פייער — און זאָגט; און ר׳ יודא שטעלט אַוועק דערווייל צוויי גלעזער אויפ׳ן טיש, ער האָט

אָן צוקער -- קליינינקע — קליינינקע שטיקעליך, פֿאַר זיך און פֿאַר איהר, און זאָגט אויך זײַנע „זאַכען"...

ביידע זענען פֿערנומען, און ביידע — פֿער־פֿרומט.

נאָכ'ן טהיי געהען זיי ביידע אין בית־המדרש. אויף זייער געאַיילטען וועג גריסען זיי ביידע גלייך און ווינשען אַלעמען: אַ „גוטען מאָרגען!"—צווישען זיך רעדט מען דאַמאָלס ניט: פֿאַר'ן דאַווענען איז ניט כדאי... אויפֿ'ן בית־המדרש־הויף צוטהיילט מען זיך: ער געהט אין דער מאַנסבילשער שול אַריין, באַלד — מיט'ן גלייכען וועג; זי אָבער ברויכט פֿריהער טיעף אין הויף אַריינגעהן, אַרומדרעהען זיך אַביסיל און ערשט נאָכדעם אַרויפֿשטייגען אויף טרעפּ, ביז זי קומט אַריין אין דער ווייבערשער שוהל. אַמאָל — אין אַ רעגען צי אַ פֿראָסט—פֿערדריסט ר' יודא'ן, וואָס ער איז שוין אין בית־המדרש, און זיין אַלטיטשקע, נעביך, קלעטערט ערשט אויף די טרעפּ, און ער הויבט אויף דעם קאָפּ און קוקט אין ד' פֿענסטערליך אונטער'ן סטעליע, צי זי איז שוין דאָ. און, אַז ער דערזעהט שוין די „עפּעליך" פֿון איהר טשיפּיק, טהוט ער זיך אַ שמייכעל און זאָגט אַרויס הויך:

— נו, איצט, אַז דו האָסט זיך שוין אַרויפֿגעדראַפּעט, ביסט דו העכער פֿון מיר...

— צו וועמען רעדט איהר דאָס, רב יודא? — פֿרעגט איהם דער „עולם".

— צו מיין תוה'ן.

— אויב אַזוי, מעגט איהר.

ביידע דאַווענען זיי מיט איין מנין, ביידע דאַווענען לאַנג. נאָר נאָכ'ן דאַווענען באַלד געהט יודא'כע אַהיים, און ר' יודא פֿערבלייבט נאָך אין בית־המדרש ביז'ן האַלבען טאָג. ער לערנט, צי ער שמועסט מיט וועמען וועגען יודישע זאַכען. יודא'כען אַרט עס ניט: זי האָט זיך איהר „עולם־הזה" אין דער היים—גרייטען מיטאָג, די שטוב אויפֿראַמען און שמועסען מיט אַ שכנה, וואָס קומט אַריין; „עולם־הבא" אויך, ווייס זי, וועט יודא מיט איהר טהיילען האַלב־אויף־האַלב.

זי איז זיין חבר דאָ. זי וועט אויך מיט איהם חבר זיין דאָרטען...

ר' יודא לערנט אין בית המדרש ניט קיין גמרא און ניט קיין פּוסקים: דאָס איז פֿאַר'ן רב — ער דאַרף וויסען אַ דין. אַמאָל טאַקי טהוט ר' יודא אויך אַ קוק אין יורה־דעה, וואָרום יעדער יוד דאַרף אַליין דעם דין וויסען, און ר' יודא האָט נאָך צו־אַמפּערן זיך אַמאָל מיט'ן רב וועגען אַ דין, און דוקא איבערשפּאַרען איהם, און זאָל ער וויסען, דער רב, אַז יודא איז אויך ניט עפּיס אַ קטלא־קניא... נאָר פֿון דעסטוועגען איז אַ רב אַ רב! און ער איז זיך מיט איהם נוהג בכבוד. און ווער איז עס טאַקי מחויב צו שטעלען אויף זיך די חומרא אין אַ דין פּסק'נען: זאָל דאָס דער רב טהון... ס'ווילט זיך נור אַמאָל בעוויזען, אַז מיר, פּראָסטע מענשען, וויסען אויך עפּיס... נאָר ניט דאָס איז דער עיקר. — אין אַ גמרא קוקט אַריין ר' יודא אָפּטער, ווייל איהם געפֿעלט זעהר צוצוקוקען די מלחמות פֿון די תנאים, איינער מיט דעם צווייטען, הערען דעם רעש און געפּילדער, ווי זיי הויבען אויף וועלטען מיט זייערע קשיות און תרוצים.

— זייערע תקיפות! זייערע תקיפות! ווערט ר' יודא נתפּעל פֿון די תנאים.

אָבער בעיקר האָט ר׳ יודא ליעב מדרש און עין־יעקב.

דאָ פֿערזאַמעלט ער זיך צוזאַמען מיט די „תקיפים” צו זיי אַהיים, אין אַ בעזונדער צימער. די צייט איז טאַקי בין־מנחה־למעריב, אַרום איז שטיל און טונקעל, די סאַמע „תקיפים” זעהען אויס נור ווי שאָטענס... און שטיל און פֿערט־אַכט רעדען זיי און דערצעהלען מאָדנע גוטע מעשיות. עס דאכט זיך, אז זיי האָבען זיך אָנגעבוינען איבער־זייערע קינדערשע וויעגעליך, און הויבען די וויעגעליך פּאַמעליך און דערצעהלען שטיל קינדערשע מעשיות...

מיט די קינדער רעדען זיי אַלע אַ בעזונדער לשון, מיט אַ בעזונדער שטימע.

און ר׳ יודא האָט דאָס ליעב. אמת ליעב. —

ער האָט ליעב פלוידערייען, חלומות. ער האָט ליעב צו טראַכטען און רעדען וועגען דעם, וואָס עס וועט זיין אַמאָל־אַמאָל, אין די שפּעטערע דורות.

ער האָט שטענדיג אַ האָפֿנונג אויף בעסערס; ער גלויבט, אַז עס מוז אַלע מאָל בעסער און בעסער ווערען אויף דער וועלט, ווי דאָס איינגעפּלאַנצט בוימעלע מוז וואַקסען און וואַקסען אַלע־מאָל העכער און ברייטער.

— קינדערליך, — זאָגט ער, — אַ יוד דאַרף האָפען אויף אַ „קץ”, אויף גוטע צייטען... אָהן דער אמונה איז דאָס לעבען, ווי אַ געזינדעל אָהן אַ בעל־הבית׳טע: אַלע האַפּען, און קיינער ווייס ניט וואָס...

ר׳ יודא זיצט אין בית־המדרש ביי׳ן עין־יעקב, און זיינע מחשבות פֿערפליהען ווייט, ווייט. ער מאָלט פֿיר זיך די גוטע צייטען — די שפּעטערע דורות. —

---

II.

צו האַלבען טאָג קומט ערשט ר׳ יודא פֿון בית־המדרש אַ היים.

אויפ׳ן טיש שטעהט שוין דאָס לוימען־שיסעל מיט אַנגעווייקטע האַרטע שטיקליך ברויט. די אַלטגעבאַקענע ברויט ווייקט אָן יודא׳כע אין וואַסער און גרייט עס צו שטענדיג, אַלס ערשטע „געריכט”.

ר׳ יודא ציהט פֿון זיך אַראָב זיין שוואַרצען סורדוק, און די ווייסע אַרבעל פֿון זיין העמדה, ברייטע, אָהן מאַנקעטען, מישען זיך אויך שטאַרק אַריין אין זיין עסען.

יודא׳כע זיצט, מיט איין האַנד אויפ׳ן טיש אָנגעלעהנט, און עסט פּאַמעליך און שוואַך.

אויף איהר פּנים ליגט אַ מיעדיגקייט.

— אַה, היינטיגער ברויט איז גאָר אַ בהיר! — בע׳טעמ׳ט זיך ר׳ יודא.

— ווייל ער איז היינט געווייקט אין ראָסעל, ניט אין וואַסער,—מאַכט חוה.

— אַזוי ?! — וועט דאָך שוין אָבער אויף שבת אַ זויער־אוגע־אָק אויך זיין... פֿרעהט זיך ר׳ יודא.

חוה האָט דאָס קרופּניקיל פֿון קליינעם טעפּיל אין דער קליינער שיסעל אַרויס־געגאָסען, און עס האָט זיך אויפֿגעהויבען אַזאַ ברייטער יום־טוב׳דיגער פּאַר! אַ גער־

שמאַקער ריח האָט אין נאָז אַריינגעקלאַפּט... איין חסרון נו־, וואָס ער איז דערוויל צו־הויס...

יודא'כע בעמערקט, אז יודא איז צופרי דען פון איהר גרייטען,

— וואָס ענטפערט מען די קינדער ?—זאָגט זי,—מען דאַרף זיי עפּיס שיקען.

— אודאי. — ער טהוט זיך א האַפּ מיט א פרישקייט: כל־טוב שיקען . . . א ביסעלע וויין, אַ פאָרטרעטיל—דאָס שיק איך, נו... און וואָס ווערסט דו שיקען ?...

איך האָב גאָר נישט,— זאָגט זי כמעט אראָבגעפאַלען ביי זיך, — סיידען א היטעלע און אנ'אַרבע־כנפות'ל פאַר די אייניקליך...

— נו, — מאַכט ר' יודא: גוט, גוט!

זיי ענדיגען צוזאַמען זייער מיטאג און מען בענשט דעם לעבעדיגען, כביכול.

— יודא, — זאָגט חוה, — ווערסט דו וואוהין געהן, צי דו ווערסט אין שטוב זיצען ?

— וואָס ?

— איך וויל געהן א פּאָר גילדען „מאַכען" פאַר אנ'אָרעם מענש...

— נו... זאָל גאָט העלפען! נאַ דיר מיינע אַ קאָפּ'קע אַ נדבה אויך... א גוטע התחלה זאָל עס זיין...

יודא'כע טהוט זיך אָן אין איהר „שבת" און געהט אַרויס פון שטוב. און ר' יודא טהוט אָן זיין קאַפּטעל און געהט אין זיין וויין קעלעריל, דאָ אויפ'ן הויף. זיין קאַפּטעל, וואָס ער טהוט אָן צום וויין־קעלעריל, איז גאָר א בעזונדער מלבוש: אַ רוקען האָט עס פון מולטע אין קעסטעליך — פון שוואַרצע און רויטע פאַסען, אַ פּאָלע פון וויסע לייוואַנד און אַ פּאָלע פון בלאָהען אָבגעקראָכענעם סאַמעט. אַ אַרבעל פון ריבס און איין אַרבעל פון פעלין — פשוט פעליק, נאָר אָהן האָר שוין, דאָס אַלעס איז געשטעפּט דיק אויף אַ וואַטע און אויף אונטער־דעקען, וואָרום דער אונטערדעק בעשטעהט אויך פון כל־המינים. חוה האָט שוין מיט ר' יודא'ן געטענה'ט: — גאָט וועט דיר העלפען: מאַך זיך אַנ'אַנדער בגד, מע קאָן אויף דעם ניט קוקען, און עס איז אַ הלול־השם פאַר'ן פריץ וואָס וואָהנט דאָ, אז דו געהסט אַרויס אין דעם אויפ'ן הויף...

נאָר ר' יודא איז אַנ'עקשן, ער האָט זיך איינגעשפּאַרט:

— אז דער לעבעדיגער וועט מיר העלפען, — זאָגט ער — וועל איך זיך מאַכען נאָך אַ שענעם בגד אויף שבת און יום־טוב, אָבער צו דער פּרנסה איז נור אַזאַ מלבוש אָנגעמאָסטען... און וואָס שעם איך מיך פאַר'ן פּריץ? זיין „הקפד" — דאַרף איך ניט...

ר' יודא'ס פרנסה איז פון וויין, וואָס ער פערקויפט אויף קידוש און הבדלה, פון א „פאַדריאַד" אויף מצה באַקען ערב־פסח און פון חנוכה ליכטליך.

אין וויין קעלעריל בעטראַכט ער די אַנקערליך, די צאַפּפערס, די פלאַשען — באַלד נעמט ער מישען איין סאָרט מיט דעם צווייטען, גיסען פון אַנקעריל אין פלאַשען. די עיקר אַרבייט איז דאנערשטאג און פרייטאג. דאמאָלס געהט ער אַרום צוזאַמען מיט חוה'ן פון שטוב צו שטוב מיט די פלאַשען אין די הענד, מיט די בלעכענע

מעסטליך אָנגעהאַנגען אויף די העלדזליך פון די פלאַשען, אין א „מיטען־מיטוואָך“
אָבער איז זיין ארבייט ניט גרויס.

צוריק געהענדיג פון קעלעריל, שטעלט ער זיך אָב, און בעטראַכט א לאַנגע
ווײַלע דאָס הויפּיל.

שוין לאַנג־לאַנג, אַז ער וואהנט דאָ, ער רעכענט עס שוין כמעט פאַר זיינ׳ס
אַנ׳איינענע, נאָר אַז עס קומט דירה־געלד צאָהלען, זעהט ער „בחוש“, אַז דאָס איז
נאָך ניט זיינ׳ס, און עס פערשטעכט איהם אין האַרץ... ער האָט דאָ א שטוב מיט
א קיך — ענג׳טאַקי, נאָר ער האָט זיך צוגעוועהנט; ער האָט אין דער דירה קינדער
אויסגעהאָדעוועט, התונות געמאַכט... שוין לאַנג־לאַנג וואהנט ער דאָ... א קעלעריל
פיר זיין ווײַן האָט ער דאָ אויך — אויך א קליינס, אָבער ווי נעמט מען בעסערס?
דער עיקר איז — ער האָט זיך דאָ איינגעוואָהנט; א בית־המדרש איז דאָ נאָהענט, און
דער בית־עלמין איז אויך ניט ווייט — דאָ איז אַלץ נאָהענט...

אויפ׳ן הויף אין דער גרויסער שטוב וואהנט א פריץ. הוה זאָגט, אַז ער וויל
ניט ליידען זיין קאַפּטעל, און אפשר וויל ער ניט ליידען זיין אַרבע כנפות אויך? —
טראַכט ר׳ יודא, — מילא... ניט דער פריין לעבט אין ר׳ יודא׳ס רצון, און ניט יודא
לעבט אין דעם פריצ׳ס רצון... „יעדער האָט זיין אייגענעם רצון“, — טראַכט ר׳ יודא.

נאָר אונטער די פענסטער ביי דעם פריין איז א גאָרטען, און אַז ר׳ יודא
נעהט צוריק פון זיין ווײַן־קעלעריל שטעלט ער זיך צו, ער קוקט פון ווייטען און איז
מקנא...

אַך, אַך! אַז ער וואָלט האָבען א גאָרטען, וואָלט ער פּלאַנצען „לבנות“: ער
האָט אַזוי ליעב זייער בליהען, זייער הויבען געוואוקס, דאָס קיילעכדיגע ראָד פון אויבען
מיט די ברייטע בלעטער, וואָס הענגען אַראָב — א פערגניגען, חלעבין, אַזאַ בליהונג!

דער פריין לעבט טאַקי מיט מעהר „רחבת“: ער לעבט, ווי א בעל־הבית! ס׳פער־
דריסט איהם אמאָל, קוקענדיג אויף דעם פריצ׳ס גרויסען שפּייכלער מיט דער שטאַל —
„דאָס איז א נהלה!“... נאָר ער בערוהיגט זיך באַלד מיט׳ן געדאַנק: „זיין וועלטעלע...
יודען זענען אין גלות, און אויף „כל־טוב“ איז דאָך קיין גלות ניט“... און א צווייטער
געדאַנק מאַכט איהם אַזש פרעהליך: „שכינתא בגלותא — דער לעבעדיגער, כביכול,
איז אין גלות, און מיר וועלען זיך תענוג׳ן מיט „עולם־הזה“?... און עס טהוט איהם
שטאַרק הנאה, וואָס ער ליידט צוזאַמען מיט דעם לעבעדיגען, כביכול... נור... ר׳ יודא
דערמאָהנט זיך עפּיס, וואָס פערדריסט איהם פאָרט, און טאַקי עד־היום.

אַמאָל זענען צו איהם צו נאַסט געקומען די אייניקליך. יונגע קינדער זענען
נאָר אַנ׳אַנדער פאָלק, דאָס בלוט איז א אַנדערעס... ס׳ווילט זיך א שטיק טהון,
אַ לעב טהון, און אין דעם יידענס רשות איז ענג, ניטאָ ממש וואו א קעהר צו
טהון זיך... טהוט מען אָב גאָר א קליינינקייט — דערמאָהנט זיך ר׳ יודא מיט
אַ שמייכעל — מען נעמט די פּאמוניצע, דעם יידענס פּאמוניצע, און גיסט עס אויס
אין הויף, אין דעם פריצ׳ס רשות, — און מע נעמט זיך גליטשען... און מע האָט
זיך דאָס צוקאָכט און צוברענט אין דעם — סטייטש גליטשען זיך! קינדער זענען
דאָך קינדער... ר׳ יודא אַליין וואָלט עס ניט טהון, אויסגיסען זיין פּאמוניצע אין א

פרעמדען רשות—ער נעמט טאַקי די פאמוניצע מיט הוה׳ן צוזאַמען ביי־נאַכט, אַז קיינער זעהט ניט, און גיסט עס אַרויס אין גרוב, וואָס ער אַליין האָט אויסגעגראָבען נעבען טהיר טאַקי, — וואָס זאָל מען טהון, אַז קיין אַנדער אָרט איז ניטאָ ?... אַבער קינדער זענען דאָך קינדער — זיי האָבען דאָך ניט דעם זיידענס „איבערקלעהרען און איבערטראַכטען"... איז אַרויס געקומען אַ שענע מעשה פון דעם! פון דער גרויסער שטוב איז מען אַרויסגעלאָפען מיט קולות און רציחה: סטייטש! סטייטש! די פאמור־ניצע אין מיין רשות... מיט די ציבעלע און קנאָבעל, מיט׳ן שבת׳דיגען טשאָלענט"...

פרעג זיי, וואו טשאָלענט? דאָס איז דוקא געווען מיטוואָך קעגען דאָנערשטאַג, וואו איז שוין דאמאָלס טשאָלענט, ברוך־השם ?... נאָר יענע הערען דיך ניט מיט דיינע טענות — זיי זאָגען וואָס זיי ווילען... א יוד איז צו בלבולים געוועהנט... מילא, וואָס ווילען זיי?

די אייניקליך זאָלען דאָ שוין ניט ווערען, מע וויל זיי ניט לאָזען איבערנעכ־טיגען אפילו...

אויב אַזוי, האָבען זיי װעניג אויסגעפיהרט ביי ר׳ יודא׳ן; די אייניקליך האָבען דאָ גענעכטיגט, און דוקא נאָך אַ פאָר טעג דאָ פערבראַכט, נאָר בעהאַלטענער הייט— און נעה זוך זיי...

קיין שנאה טראָגט ניט ר׳ יודא אין האַרץ פאַר אַ מעשה, וואָס איז אַריבער— אַ נפקא מינה, צי גוט צי שלעכט — אַבי אַריבער... בטבע האָט ר׳ יודא ליעב פערגעסען דאָס שלעכטס און געדענקען נור דאָס גוטע, ער געדענקט, למשל, אַז די פריצטע האָט איהם אַמאָל געזאָגט: „סלאַוונע יעווריעיטשיק!״ וויל ער האָט איהר אַריינגעטראָגען אַביסיל ווייך — טאַקי אַ בהיר! — במתנה: „מע וואָהנט דאָך צו־זאַמען אויף איין הויף... דאָס געדענקט ער, און אַ פערדרוס, — זאָגט ער, — דאַרף מען וואָס גיכער פון האַרצען אויסראָטען: ס׳זאָל זיך דאַרטען ניט באַמבלען, ווי אַ פסול׳ה ציצית״... און דאָך קאָן ער ניט פערגעסען, אַז אין יענעם רעש האָט איהם איינער אָנגערופען: „ושוליק״... ווער מען? איהם אַליין — דעם אַלטען!... פאַר וואָס, פאַר ווען? צי איז ער טאַקי דער איינציגער רמאי אויף דער וועלט? צי איז ער מעהר רמאי פון אַלעמען? אַזאַ בזיון! ער שעמט זיך פאַר זיין ווייסען באָרד — אַזוי פיעל יאָהרען אָבגעלעבט, און לסוף — אַזאַ בעליידיגונג... ווי איז דאָס? זאָל מען פרעגען ביי דעם אַלטען, וואָס וואָהנט אין דעם קליינעם שטיביל, אויך דאָ אויפ׳ן הויף — ער איז אויך ניט קיין יוד און וואָס וועט ער זאָגען? יענער אַלטער האָט אויך אפשר פיינד אַ יודען, נור איהם, ר׳ יודא׳ן קאָן ער אַביסיל, וואָרום ער קויפט ביי איהם אָב דעם המין פאַר פסח, ער גיט אַכטונג אויף די ליכט אין בית־המדרש יום־כפור, — ער האָט שוין עפּים ביי יודען גענאַשט. ער ווייס אונגעפעהר, וואָס יודא איז, זאָל מען איהם פרעגען...

— סטאַראָזאַקאָנניק, בענאַמאָלניק... אַזוי רופט ער איהם, און ניט...

ר׳ יודא ווערט שטאַרק צורודערט. ער וויל ניט קוקען אויפ׳ן הויף, אויפ׳ן גאָרטען — ניין!

דאס איז פרעמדע, פרעמדע! ער האט אזוי פיעל דירה איינגעצאהלט, און זיין ענגע דירה איז נאך אליך ניט אנ'איינגענע...

און א טיעפער טרויער דריקט איהם און דריקט דאס הארץ — — —

ער קומט אריין צוריק אין שטוב. ער ווארפט פון זיך אראב זיין קאפטעל — דאס דערמאהנט איהם דעם וויין־קעלעריל מיט'ן הויף מיט די בעלידיגונגען צוזאמען... א ווילע טרעט ער ארום איבער'ן צימער, ביז ער בערוהיגט זיך, דאמאלס נעמט ער זיך צו דעם, וואס ער רעכענט פאר זיינס — געוויס איינענעס.

אין מיט צימער שטעהט זיין שאפע מיט ספרים.

דאס טהיריל פון שאפע איז ביז האלב אנגעגלעזט מיט א גרויסער שויב, דאס גלאז איז ריין און קלאהר, און דורכ'ן גלאז קוקען ארויס מיט שטאלץ די דיקע רוקענס פון די גרויסע ספרים; עשרים וארבעה'ס, גמרות, די „טורים", דער „חשן־משפט", דעם רמבמ'ס „יד החזקה" — דאס זענען אלץ גבורים אנגעטהון אין הויטען רימען מיט שילדען אויף די רוקענס, וואו עס איז אויסגעדרוקט מיט גאלדענע אותיות זייערע טיטלען... ר' יודא האט זיך זיין שטענדיגען איינבינדער, וואס מאכט פאר איהם שענע בונדען צו די ספרים, און ער צאהלט איהם דערפאר וואכער־געלד.

ר' יודא שליעסט אויף דאס טהיר'ל, דאמאלס ערשט בעוויזען זיך די אונ־טערשטע פאליצעס מיט ספרים, וואס זענען פריהער פער־שטעלט געווען אונטער דער האלבער ניט אנגעגלעזטער טהיר. אויף יענע פאליצעס זענען אנגעשאטען קליינע ספרים'ליך, יענע אנטיקען, וואס ר' יודא קויפט אויף ביי אלע מוכרי־ספרים, ער פער־ברענגט מיט זיי לאנגע־לאנגע נעכט און פערפליהט דאמאלס אין מאדנע וועלטען,— די אנטיקען, וואס ער האט אזוי ליעב, נאר מיט וועלכע ער שטאלצירט ניט... אנגע־שאטען זענען זיי דא אהן א סדר, זיי האבען ניט קיין שענעם בונד און ביי אנדערע פעהלט אפילו דער רוקען...

—מסתמא דארף אזוי זיין, — קלערט ר' יודא: זיי קומט ניט קיין „איבען־אן, — ווען ניט, וואלט אנדער'ש געווען...

ר' יודא בויגט זיך אן צו די אונטערשטע פאליצעס און צולעגט מיט מעהר ארדנונג די „שמות", וואס שיטען זיך שטענדיג אראב, ווי נור ער עפענט די שאפע. ר' יודא האט א טבע אויפהויבען שמות — א בלאט, צוויי, צי א גאנצער קונטרס, וואס האט זיך אבגעריסען פון א ספר, און ליגט ערגיץ אין א בית־המדרש אין א פרעמ־דען בית־המדרש אפילו— הויבט ער עס אויף, ברענגט צו זיך אהיים און לעגט עס אין שאפע מיט די קליינע ספרים'ליך אויף די אונטערשטע פאליצעס.

— ס'וועט אמאל צונוטץ קומען, —האט ער א מחשבה וועגען דעם און פאר גנבה רעכענט ער דאס ניט: אבגעלערענטע ספרים (פון קיין נייע נעמט ער ניט...) און אז עס וועלגערט זיך א בלעטיל — מאג מען דאס נעמען צו זיך... און די אונטעריסטע פאליצעס זענען פול מיט אזוינע אבגעריסענע בלעטער און קונטרסים, די טהיר פון שאפע פערמאכט זיך קוים, און ווי מען עפענט זי נור, אזוי שיטען זיך, פאלען אראב און שיטען זיך די יתומים'דיגע „שמות"... ר' יודא בויגט זיך אן צו די אונטער'שטע פאליצעס און פערשטעקט זיי ווידער פאריזכטיג אין די לעבער און

שפּאַלטען צווישען די קליינע ספרים׳ליך, און זיי רוקען זיך, טוליען זיך צו, די „שמות״ צו די קליינע ספרים׳ליך, ווי פּערבלאָנדזעטע יתומים צו א חברה בעטלער ביי א נאַכטלעגער הינטער א שטאָדט — צו גליך עלענדע, ווילען זיי דאָ צוזאַמען אָבלינען די נאַכט...

ר׳ יודא בעטראַכט נאָך א ווילע די פּערגאַמענטנע מגילות, וואָס ליגען ביי איהם אויך דאָ אונטען אין שיידען פּון קאַרטאָן, דעם ווייסען קיטעל מיט דער פּאַר־אַיאָהריגער „הושענא״—דאָס געפּינט זיך ביי איהם אויך אין דער „מהיצה״ פּון איין „הושענא־רבה״ ביז דעם צווייטען, אַז ער געפּינט אַלין אין אָרדנונג, בעזוהיגט ער זיך און הויבט זיך אָן גוט פּיהלען — בעל־הבתיש! דאמאלס נעמט ער אַרויס א צונויפגעוויקעלטען פּעקיל, און הויבט זיך אויף פּון די אונטער־שטע פּאָליצעס. ער בעמערקט, אַז חוה איז שוין צוריק געקומען, זאָגט ער צו איהר:

— צוויי פּאָרטרעטען שיק איך די קינדער.

ער וויקעלט פּונאַנדער און בעוויזט.

— „משה־רבנו׳ און א „מזרח״ שיק איך זיי — זאָל זיך דאָס געפּינען ביי זיי אין שטוב... מיר האָט זיך געמאַכט וואָלוויל קויפען, זאָלען זיי איך געניסען... מע דאַרף צו דעם בעשטעלען ראַמען דאָ, ווען ניט, וועט זיך דאָס ביי זיי פּערוואַלגערן אָהן ראַמען...

דאמאלס הויבט ער אויף די אויגען צו די ווענד ביי זיך אין שטוב — ער שטאָלצירט: ביי איהם זענען דאָ טאַקי גאַנצע ווענד מיט בילדער! משה און אהרן, א „מזרח״, „יום־כפּור״ ביי יודען אויף א מלחמה, דער „בית־שני״ געפּלאָנירט, די „גאוני וגדולי־ישראל״ און נאָך—דאָס האַרץ קוועלט אָן, קוקענדיג.

ר׳ יודא האָט בטבע ליעב א בילד, א פּאָרטרעט.

— וואָס מען זעהט מיט די אויגען, קריצט זיך דאָס איין אין האַרצען אויף אייביג,—זאָגט ער צו חוה׳ן און ער פּערטראַכט זיך.

---

III.

גאָך מעריב. ר׳ יודא געהט פּון בית־המדרש אַהיים. באַלד שטעלט ער זיך אָב און פּערקוקט זיך אויפ׳ן הימעל מיט די שטערען. א יונגער מאַן נעמט איהם אָן פּאַר די אקסלען.

— קומט, ר׳ יודא, די לבנה איז דאָך היינט ניטאָ צו מהדש זיין,— קומט אַהיים, מיר ווילען געהן צוזאַמען.

— איך זוך, זהונגעלע דעם „אַלף״,— וואַרט א ווילע, מיר ווילען באַלד זעהן, וואו שטעהט ער היינט...

ר׳ יודא שטעלט צו די רעכטע דלאָניע איבער דעם רעכטען אויג, ווי א דאַשעק, און קוקט אויפ׳ן הימעל, און זוכט.

— דער הימעל איז אויפגעוויקעלט ביי דעם לעבעדיגען, כביכול, ווי א ספר־תורה, און די שטערען זענען אותיות — גאָלדענע אותיות... קוק נור און לייען... רעדט אַרויס ר׳ יודא מיט התפּעלות.

— וואו איז אָבער דער „אלף״ היינט? —

— וואַרט אַ ווײלע, באַלד וועט ער זיין.

— ניין, ר׳ יודא, איך דאַרף געהן, ניטאָ קיין צייט.

ר׳ יודא געפינט באַלד דעם „אַלף״, נידעריגער, ווי אַלע־מאָל, שטעהט ער היינט, ווארום דער „תיו׳ האָט זיך שוין אויך געוויזען — אָט שטעהט ער אין מיטען הימעל. ער בעדויערט, וואָס חיים שיינדעלעס איז אַוועק, און זעהט דאָס ניט. אַזא פערגנינגען צו זעהן, ווי עס שטעלען זיך צונויף אותיות פון שטערען — אַ גאַנ־צער „אלף־בית!״ אַ קופּקעלע שטערען פערזאַמלען זיך בעזונדער און מאַכען אַנ׳אות... אָט איז היינט דער „אלף״ גאָר דייטליך, אפילו אַ קינד קאָן פערשטעהן: אַ קופּקעלע פון זיבען שטערענדליך, פינף אין דער לענג, איינער — אויבען און איינער—אונטען — אַקוראַט אַנ״אַלף״... היינט זעהט מען דאָס גוט, „זיי״ גלויבען ניט, עפּיס ווי עס געהט אַן צו נאַרען...

ר׳ יודא בלייבט דאָ שטעהן לאַנג־לאַנג אונטער דעם אויפגעוויקעלטען הימעל, ער קוקט אויף די גלענצענדע שטערען — די אותיות, און זיין פנים ווערט וואָס אַמאָל רוהיגער און ליכטיגער — דאָס האַרץ שמייכעלט אין איהם, די נשמה היות׳ט זיך... עפּיס מאָדנע געפיהלען ערוואַכען אין איהם, מאָדנע מחשבות קומען צו איהם, מהשבות אָהן ווערטער, ווי שטומע געשטאַלטען מיט שענע פנימ׳ער, מיט אַ גוטען אויסדרוק און ווייכע גלעטענדיגע הענדטליך — זיי גלעטען איהם און וואַרעמען... עפּיס ווערט איהם אַזוי לייכט, אַזוי גוט און בנעימות׳דיג, ווי די מוטער וואָלט צו איהם צו הלום קומען און, אהן ווערטער, מיט׳ן האַנד איהם אַ גלעט געבען אויפ׳ן שטערען —

די מוטער און דער הימעל! זיי ביידען געדענקט ער אַזוי לאַנג־לאַנג, נאָך פון יענע ערשטע קינדערשע יאָהרען, ווען די מאַמע האָט איהם אויף די הענד געהאַלטען קעגען דעם שענעם בלויען הימעל — און דער הימעל איז נאָך יעצט אויך אַזוי שען, אַזוי יונג און אַזוי ליעב — ער קוקט מיט אַ פריינדליכען שמייכעל אויף זיין לאַנגען ווייסען באָרד און זאָגט צו איהם— „וואָס הערט זיך״, יודעל? איך געדענק, כ׳געדענק דיך פון לאַנג, אַז דו ביסט נאָך אַ יונגיל געוועזען און דו פלעגסט זיך אין אַ ליכטיגער נאַכט דראפּען אויפ׳ן דאַך נאָך דער קאַטץ... וואָס מאַכט די מאַמע? וואָס איז גע־וואָרען פון אייער אַלטען פלאַנקען? צי חלומ׳ט זיך דיר דאָס אַמאָל?״...

ר׳ יודא ווערט צוטומעלט פון זיינע אינערליכע מחשבות, ער האַפּט אָן וועמען פאַר׳ן האַנד און ווייזט איהם אָן אין דער הויך:

— קוק, — מאַכט ער מיט התפעלות.

— זענט נישט קיין נאַר, — מאַכט יענער מיט אַ ברונז: איהר זענט; ר׳ יודא, אַ לעדיגגעהער? אַ מענש, וואָס טהוט גאָר נישט, קוקט אויפ׳ן הימעל...

— אַהא, לויבקע איז דאָס, — זאָגט אַרויס ר׳ יודא, ווי ער דערקאַנט ערשט,— דו לויפסט גאָר אין קראָם, און איך שטעל דיך אָב טאַקי, אַנ־עולה... איך האָב גאָר פערגעסען, אַז דו ביסט „אַ שרייער״ אויך...

— טאַקי וואָס קוקט איהר אויפ׳ן הימעל? איהר קוקט בעסער אויף דער ערד, — שטעלט זיך אב לויבקע קרעמער און טענה׳ט מיט א ברען: קוקט, וואו איז א גרוב, וואו איז אַ בלאָטע, ניט ווי איהר היפט אַריבער אַלעס, וואָס איז בולט פאַר אַלעמען, און פערגעסט דעם קאָפּ און זוכט וואָס ניט נעשטויגען... איהר זוכט היינט אוודאי אייער „תיו״?

— געפונען, — מאַכט ר׳ יודא, — דעם „אַלף״ אויך... נאָר דו קלערסט, אַז לבנה און שטערען בעלויכטען נור די נאַכט, אנשטאט א לאַמטערען, זיי פערשפּאַרען נור דיר אַ גראָשען ליכטיל?..

— ניין, אנ׳„אלף־בית״ איז דאָס — סודות? קריגט זיך לויבקע: ביי אייך איז דער קאָפּ נור אַ פערדרעהטער, דער הימעל אָבער איז אַ גלאַטער...

ר׳ יודא דריקט מיט די פּלייצעס מיט וואונדער, בעדויערונג און שמייכעל צו־זאַמען.

— נו, נו, זהונעלע פערשטעהסט דו טאַקי גאָר נישט...

באַלד בעווייזט זיך אַ קנייטשיל פון רמאות אונטער איין אויג ביי איהם, — ער זאָגט:

— דער הימעל בלייבט פאַרט אַ הימעל — ער איז העכער...

— וויפיעל העכער? פרעגט לויבקע קרעמער.

— ת״ק שנה — פינף־הונדערט יאָהר גאַנג פון דער ערד — זאָגט די גמרא.

— דאַרפט איהר שוין אַנהויבען צו געהן... צולאַכט זיך לויבקע קרעמער, — און דאָרטען וועט איהר זיין אַנ׳אמת׳ער „שטערען־זעהער״...

און ר׳ יודא הערט אַ געלעכטער אין דער דונקעלער נאַכט, אַ געלעכטער און אַ מאוס מורמלען אין דער שאַטענדיגער גאַס; ער ווייס, אַז לויבקע קרעמער דער־צעהלט עס אַלעמען געהעריג אין קראָם, און מע לאַכט פון איהם אָב — אַלע לאַכען פון איהם.

— שוטים, זיי פערשטעהען גאָר נישט... ר׳ יודא רופט זיי נור אָן שוטים. זיי שפּאַטען פון איהם. האָבען איהם פיינד אפילו פאַר זיין „שטערען־זעהען״ און רודפ׳ן איהם: „פאַר זיי איז דאַס אויך אַנ׳ענין אין לעבען, קיין אַנדער פערנעהם האָבען זיי ניט״... קלערט ער.

---

ר׳ יודא האָט ליעב קינדער, און קינדער האָבען איהם ליעב. בעיקר, לעבט ער נור מיט זיי, צוליעב זיי. די גרויסע שאַטצען איהם ניט, וועיל זיי פערשטעהען איהם ניט, אָבער די קינדער מיט זייערע קלאָרע אויגעליך קוקען אויף איהם גאָר אַנדערש, זיי פיהלען זיין ליעבשאַפט צו זיי.

ר׳ יודא קלויבט ניט אויס צווישען קינדער — אַלע זענען ביי איהם גלייך אפילו יענע, וועמים עלטערען זענען איהם רודף און שפּאַטען פון איהם... אין בית־המדרש איז ער אויף זיי משגיח, ער איז זייער בעשיטצער פון שמש. אויף די בענקעליך אַרום בימה זאַמלען זיי זיך אַלע צונויף, ער קומט אויך צו זיי פון מזרח־וואַנד אַהער, און זאָגט מיט זיי „אָמן״, ער איז זיי מחנך אין מצוות, ער קוקט איבער זייערע ציצית,

ער געהט אין שתדלנות צו אַ מוטער, אַז זי זאָל אַ נייען ארבע־כּנפות מאַכען פאַר'ן קינד. ער פערשפּיליעט אַ קנעפּיל און פערריכט אויפ'ן קינד דעם קראַגען פון דעם אויבער־העמדיל, עס זאָל בעסער ליגען, — ער האָט הנאה, קוקענדיג, ווי דער ברייטער מאַטראָסען־קראַגען לאָזט זיך אַראָב אויף די פּלייצעס ביי אַ „ווילד־פרעמדען קינד"..

ר' יודא האָט ליעב קינדער — און אלול און תשרי געהערען אין גאַנצען צו איהם מיט די קינדער... ער אַליין איז אַ בעל־תקיעה און קאָן מאָדנע שענע קונצען מאַכען אין זיינע תקיעות. נאָכ'ן דאַוונען געהט מען אַוועק אין חדר־שני — ר' יודא און די קינדער אַרום איהם. און ער לערענט זיי תקיעות מיט דעם אַלטען בית־המדרש'ן שופר, וואָס איז שוין עטוואָס אנגעשפּאַלטען אין אַ זייט. ר' יודא לערנט זיי, אַז דעם שופר ברויכט מען צולעגען צום ווינקעל פון רעכטען זייט מויל, די ליפּען זאָלען זיין צוגעמאַכט, נור פון רעכטען ווינקעל מויל זאָלען זיי דעם אטהעם בלאָזען, מיט צוויי פינגער פון דער לינקער האַנד זאָל מען צודעקען די ליפּען, מיט דער רעכטער האַנד צוהאַלטען דעם שופר.

— אַדאי' דעם נייען שופר גענומען? — קומט אריין דער שמש מיט אַ בייזער.

— דעם אַלטען.—

— אידהר מאַכט זיך נאַריש, - ערלויבט זיך דער שמש צו מעיז־פּנים זיין אַזאַ בעל־הבית, ווי ר' יודא. וואָס אַלע זאָגען, אַז ער איז אַ שוטה גמור, — צוזאַמענגענו־מען אַ חדר־שני מיט שקצים און גיט זיי זיך שפּיעלען מיט אַ שופר... זיי קוקען אויף דעם, ווי אויף אַ שפּיעל, און ער אייך מיט זיי — דער אַלטער...

— נאַרעלע,— מאַכט ר' יודא געלאַסען,— פאַר וואָס ניט מיט זיי? ווער ווייס, וואָס פון קינדער קאָן אויסוואַקסען? היינט איז ער אַ קינד, און מאָרגען — אַ גרויסער! אַז מען זאָל איהם קליינערהייט ניט לערנען, וועט ער גרויסערהייט ניט קאָנען... טאָמער וועלען זיי קאַליע מאַכען אַ נייעם שופר אפילו. איז אויך ניין שאַדען ניט,—דערפאַר וועלען זיי געדענקען גרויסערהייט, אַז אין בית־המדרש איז דאָ אַ שופר מיט מעשׂות, מיט זאַכען... זאָלען זיי וויסען.

— מסתמא... זאָגט אַרויס דער שמש מיט צווייפעל. ער נעמט די לולקע אין מויל און געהט אַוועק.

די קינדער רייסען ר' יודא'ן ביי די פּאָלעס. — „גיט מיר איין מאָל!"— „גיט מיר אַ פּרווו טהון!"..

ר' יודא שמייכעלט אין זיין פערנעהם און וויל אַלעמען צופרידען שטעלען. פּלוצלינג הערט זיך אַ קלאַפּ. דער שמש קומט אריין, די קינדער זענען בלאַס און ער־שראָקען.

— אָט זעהט איהר,— מאַכט דער שמש מיט אַ פאָרוואורף,— אַלץ זענט איהר שולדיג: שקצים בלייבען שקצים — מען האָט זיך געשטופּט און געהרגעט, ביז מע האָט אַ שויב צובראָכען... וואָס זאָל מען איצט טהון? —

— אַ גלעזער וועט אריינשטעלען אַ נייע שויב,— פערענטפערט ר' יודא— זיי וועלען אַלע ליידען און געבען צו קאָפּיקעס. איך גיב אויך אַ קאָפּיקע אויף דאס —

קיין בייז ניט... מה רעש? נישט קשה אפילו, אַז דער בית־המדרש זאָל ליידען דעם היזק פֿון קינדער, ווי וועלען דאָך דאָ אַמאָל בעלי־בתים זיין...

דער שמש גנעהט אַוועק מיט אַ געצוואונגענעם בעס: וואָס זאָל ער רעדען? ער ווייס, אַז ער קאָן ר׳ יודא׳ן זידלען, שרייען אויף איהם, וואָס קיין בעל־הבית וועט עס ניט ערלויבען, אָבער אויספֿיהרען קאָן מען מיט איהם ניט. — האָט ער זיך איינגע־שפּאַרט, איז פֿערפֿאַלען. ר׳ יודא טהוט זיך תמיד זיינס.

דערפֿאַר אָבער, אַז עס קומט די ערשטע נאַכט ראש־השנה, פֿאַר מעריב אין בית־המדרש, געפֿינט ער דעם גאַנצען טיש אַרומגעזעצט מיט קינדער אויסגעוואשענע, אין נייע מלבושים׳ליך מיט די תהלים׳ליך אין די הענד — ווי וואַרטען שוין אויף איהם, אַז ער זאָל אָנהויבען אַ קאַפּיטעל, און זיי וועלען נאָכזאָגען.

— אָט, — קלערט ער, — אַז מען דאַ־ף זיי, זענען זיי דאָ... אַ קינד אַז מען איז איהם מקרב און מהנה מיט עפּיס, „היפּעט״ ער אַרום דיר, ער גנעהט דיר נאָך, ווי אַ צולאַמניקיל נאָך דער הוהן...

ר׳ יודא שטאָלצירט.

און אויף מאָרגען, אַז די „גרויסע״ זענען שטאַרק פֿערנומען מיט די אַלטע תפלות און מיט די סקאַרבאָווע נגונים, ר׳ יודא אליין, וואָס ער איז דער בעל־שחרית קומט שוין צו די אבות מיט אַ פֿערהתמיטען מויל — ניטאָ מיט וואָס צו זאָגען, דאמאלס קומען אויך די קינדער צו הילף: אַ יונגעלע פֿון דערהווייטענס האָפּט אונטער, און טהוט אַ ציה מיט אַ דין הילעכדיג קול׳כיל: „טי—רי—באָם—באָם! טי — רי — באַ״... איש דאָס האַרץ לעבט אָב...

„מען מוז האָבען די קינדער אַרום זיך, — טראַכט וויעדער ר׳ יודא, — די לבנה דאַרף האָבען שטערען אַרום זיך, און א בית־המדרש — קינדער״...

און דערפֿאַר צוריק איז ר׳ יודא וויעדער מהנה די קינדער.

יום־כפור נאָך נעילה, די יונגע לייט זענען שוין אויף דער גאַס אַרויס, מען קוקט אויפ׳ן בלאַסען הימעל און מען וואַרט אויף אַ שטערן. די אַלטע זעצען זיך ערשט צו אויף די בענקליך אין בית־המדרש, מיעדע און בלאַסע; ר׳ יודא אַליין האַלט אויך די אויגען צוגעמאַכט, און דער קאָפּ וועגט זיך אַראָב אויף זיין ווייסען קיטעל. שטויב און שאָטען פֿילען אָן דעם בית־המדרש — —

נאָר ר׳ יודא הויבט אויף באַלד דעם קאָפּ און זאָגט אַרויס מיט אַ פֿרישער גבורה:

— צאן־קדשים!

— מע־ע־ע... קלינגען אָב פֿון אַלע ווינקעליך קינדערשע שטימעליך. ר׳ יודא שמייכעלט און הזר׳ט איבער:

— צאן־קדשים!

— מע־ע־ע...

— צאן־קדשים!

— מע־ע־ע...

די קינדער זענען זיך שוין צונויפגעלאָפען צו ר׳ יודאַ׳ן מיט לעבעדינע אויגעליך, מיט אָפענע מוילעכליך.

— צאן־קדשים! — שרייט אויס ר׳ יודא נאָך אַ מאָל.

— מע־ע־ע... ענטפערן זיי אַלע שוין דאָ אַרום איהם — און עס נעהט אַוועק אַ פרעהליכּס.

תהלת הויבט מען אָן אַ פרום־ליעדיל, ר׳ יודא זינגט אויס: א־דון עו־לם א־שר מ־לך״, און די קינדער ענטפערן מיט אַ פיסקיל: א־ל־הי הוא־אי!..״ אַ יונגעלע טהוט אַ פייף צום טאַקט, און דער רב קעהרט זיך אום מיט אַ ברוגז׳ן פנים און שרייט אָן אַז מען טאָר דאָס ניט אין אַ בית־המדרש. נור ר׳ יודא אליין איז דאָס אויך מוחל; מען זינגט דאָך עס...

נאָכדעם זינגט מען: „האדרת והאמונה״ ביז מען קומט צו אַ פשוט׳ן אונלוס־טיגען: „טאַי־ראַי, ראַי־ראַי־ראַם!״ — און דער בית־המדרש ווער׳ט פול מיט הילעבדיגע יונגע שטימעליך, מיט שמחה און געזאַנג. די יונגע לייט קומען אויך אַריין צוריק אין בית־המדרש, די אַלטע עפענען די אויגען, און די מיעדיגקייט פון די לאַנגע תפלות און הונגער פערשווינדט.

פאַר די קינדער הויבען זיך אָן פרעהליכע טעג, און ר׳ יודא געהערט צו די קינדער.

אַז ר׳ יודא נעהט אַ פסוק זאָגען אין „אתה־הראית״, געהען איהם נאָך אויפ׳ן בימה די קינדער מיט די שמחת־תורה פאָהנען — ס׳איז ליכטיג און לעבעדיג! דער פסוק פערגעהט אין אַ ניגון, דער נגון צעשפרייט זיך אין בית־המדרש; פון די יונגעליך ווערט אַ ־אַה, ר׳ יודא אין דער מיט, און מען דרעהט זיך אַ פאָר מאָל אַרום די בימה, באַלד ווערט אַ טענציל, אַ יודיש „דרעהדיל״ צווישען בימה און עמוד, און מען זינגט טאַקי מיט אַ ־הבת: „לעבען זאָלען אונזערע יודעליך! — אַי, אַי״...

שמחת־תורה וויל ר׳ יודא עולה לתורה זיין דוקא עם־כל־הנערים. די קינדער זאָלען שטעהן אונטער דער חופה אויפ׳ן בימה און נאָכזאָגען איהם די ברכה, און צו „הוק״ ווערט אַ מאָדנער פרעהליכער נגון, וואָס קיינער בעמערקט גאָר ניט, פון וואַנען עס וואַקסט אויס...

שמחת תורה נאָך מיטאָג, ווען יודען פראַווען כבודים און זענען זיך משמח, גרויסע מיט גרויסע, איז ר׳ יודא אויף דער גאַס, די קינדער אַרום איהם — און מען מאַכט פרעהליך „קינד און קייט״...

תהלת געהט מען דורך די גאַס, ר׳ יודא פאַראויס און אַ לאַנגע שורה פון קינדער נאָך איהם, מיט „סכך״ אין די הענד און מיט געזאַנג. ר׳ יודא האָט געפסקנ׳ט, אַז שמחת־תורה נאָך מיטאָג מאָג מען שוין אַראָבנעהמען אַ „סכך״ פון אַ סוכה, און אַז ר׳ יודא פסקנ׳ט, וועט שוין קיין רב ניט איבערשפאַרען: דאָס ווערט שוין אַ מנהג, און דער רב אליין מוז עס אויך אָננעהמען...

באַלד לעגט מען אַוועק די סכך און מען נעמט זיך פאַר די הענטליך, ר׳ יודא פאַרויס, און מען נעהט אין אַ לאַנגער שורה פון שטוב צו שטוב אין דער גאַנצער יודישער גאַס, — פון טהיר קומט מען אַריין און פון פענסטער־אַרויס; ר׳ יודא פער־

קאַשערט זיין לאַנגען סורדוק און קלעטערט דער ערשטער אין פֿענסטער, די יונגעליך פֿערגעהען זיך מיט׳ן לאַכען און קלעטערען נאָך איהם, נאר מען מוז דאָך זינגען, און לאַכען וועט מען שפעטער... די גאַס רוישט — מיידעליך קוקען פֿון ווייטען, לויפֿען זיי נאָך, פּאַטשען מיט די הענטליך, דרעהען זיך אויף קופּקעליך־ווייז, און הילעכען, און שרייען, ווי יונגע קאַטשקעליך... און די „שורה" ציהט זיך און דרעהט זיך, ביז זי קומט, ענדליך, צום בית־המדרש. דאַ קומט מען אויך אַריין פֿון טהיר און מען געהט אַרויס פֿון אַ פֿענסטער, נאר דאָ קומט מען באַלד אַריין דורך אַ צווייטען און אַזוי כסדר קלעטערט מען דורך אַלע פֿענסטער, ביז מען קומט אַריין דורכ׳ן לעצטען און מען בלייבט אין בית־המדרש. מיעדע און בלאַסע, נאר לוסטיגע און צורוישטע, דרעהט מען אַרום די בימה, ר׳ יודא האָט שוין דאָס סאַמעטענע היטיל אויפ׳ן פּאַטיליצע, נאר דאָס, פֿערשטעהט זיך, שטערט ניט, און מען „אַרבייט" ביז מעריב.

* * *

די נאַכט קוקט אַריין אין בית־המדרש, דער וואָכענדיגער מעריב ליגט שוין אויפגעמישט אויפ׳ן עמוד, און דער אָבל קוקט אויף איהם מיט נייגעריגקייט: אַוועק דער לאַנגער יום־טוב, ווען ער האָט ניט געטאָרט צום עמוד צוגעהן...

ר׳ יודא זיצט אויף זיין אָרט אין „מזרח", די הענד אויף די קניה אַוועקגעלעגט מיעדיג און שוואַך. די קינדער קומען אָבער אַלע מאָל צו און בעטען זיך:

— נאָך אַ נגון, ר׳ יודא,— נאָך איינעם —

— אָבער מעהר ניט,— רעדט ער אויס,— זינגט „סימן טוב"...

און אַ יונגיל מיט אַ געשמאַק קול׳כיל מיט אַ בעטענדיגער מעלאָדיע זינגט אַרויס: סי־מן טוב ו־מ־זל טוב יהא־א־ל־נו...

דאָס יונגעלע הזר׳ט עס איבער, און די תחנונים׳דיגקייט שטייגט אַלע מאָל מעהר און מעהר, פֿון אונטען ביז אַרויף, און אין אַלע פּיער זייטען —

„וואָס אַ יוד זאָל ניט טהון, ענדיגט ער אַלין מיט דעם שטענדיגען נוסח: הלואַי, זאָל עס אונז צו גוטען זיין"... טראַכט ר׳ יודא מיט איין אַראָבגעלאָזטען קאָפּ,— דאָס איינציג מאָל אין יאַהר, ווען ר׳ יודא האַלט אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ.

די איבעריגע יונגעליך האָבען דערווייל אונטערגעהאַפּט מיט צוזאַמען געמישטע שטימעליך, מיט אַ געהילך און רעש: „סימן טוב ומזל טוב, מזל טוב וסימן טוב...

נאר אַלע ענדיגען מיט אַ געבעט: יהא־א — ל־נו!..

אין דעם זיסען השך פֿון בית־המדרש צושפּרייטען זיך די טרויעריגע און השכ׳דיגע תחנונים, און זיי ווערען פֿערגליווערט אין דער לופֿט פֿון בית־המדרש אויף אַ גאַנץ־יאָהר — —

ליפּמאַן לעווין.

# שׂרה רחל.

(ערצעהלונג).

שרה רחל די אלמנה האָט אוועקנעלעגט די זאַק און איז אַרויס אויפ'ן גאַס.

די זון איז שוין וויט אונטער דער שטאָדט, אויף יענער זייט וואַלד, די שפּיץ בוימער זענען נאָך בעגאָלדט פֿון די לעצטע אונטערגעהענדע שטראַהלען פֿון דער זון. אַ קיהל ווינטיל האָט א בלאָז געטהון און עס האָט אנגעהויבען צו פינסטערען.

די טשערדע נעהט שוין פֿון פֿעלד, און שרה־לאה איז אַרויס אקעגען מקבל־פנים זיין איהר ליעבלינג — איהר ווייסע ציג מיט די שוואַרצע לאַטעס..

טייער איז איהר געוועזען די ציג, ווי איהר איין אייניקיל, להבדיל. ווען די ציג איז צוויי וואָכען אַלט געווען, האָט זי שרה־רחל געקראָגען ביי לאה דער בעקערין. לאה איז דאַמאָלס געוועזען ניט ביים גאַנצען געזונד, און שרה־רחל האָט איהר געהאָלפֿען ברויט באַקען, און דערפֿאַר האָט זי בעקומען ברויש צום עסען און א צוגאָב — דאָס צוויי־וואָכעדיגע ציגעלע.

דאָס איז געווען אין מיטען ווינטער. און שרה־רחל האָט געטראָגען וואַסער אויף ר׳ יצחקים התונה. דאַן האָט זי זיך עפּיס פערשוויצט, האָט זיך צוגעקיהלט און האָט געקראָגען א הוסט, אבער א הוסט, פֿון וועלכען עס פֿלעגט איהר שטעכען אין לינקער זייט און ווערגען אין האַלדז.

— איהר וואָלט געטרונקען מילך — האַבען איהר אַלטע ווייבער געעצה'ט,

— וואָלט איהר פּטור ווערען פֿון אייער הוסט.

— ווען איך וואָלט געהאַט, — ענטפערט זי — עטליכע קערבליך, וואָלט איך געקויפט חאָטש אַ ציג. אבער פון מיינע פרנסות, מען זאָל ניט זינדיגען, איז קוים ברויט, — נאך מילך טרינקען?

און איהרע פרנסות — מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פֿאַר א פרנסות דאס זענען געווען. באַלד ווי זי איז אלמנה געבליבען — דאָס איז שוין אומגעפֿעהר א יאָהר פופצעהן, — האָט זי געהאַט א קליין קלייטיל, וועלכע האָט איהר קוים געטראָגען אויף צום לעבען. דערנאָך אז איהרע צוויי זיהן זענען אוועקגעפֿאָהרען קיין אמעריקא און זי האָט בעדאַרפֿט זיי נאַך אין אנהויב אונטערהעלפען, האָט זי נאָך אנגעמאַכט הובות. צום סוף האָט זי געמוזט אין גאַנצען דאָס קלייטיל פערקויפען, ווערען אויס קרעמערין און נעהמען זיך פֿאַר איין ארבייט. דאָ האָט זי געמוזט שוין געהען, אום

פערדינען איהר שטיקיל ברויט, אין איין אָרט א פּאָדלאָגע אויסוואַשען, אין דעם צווייטען — וועש העלפען וואַשען, די קינדער האָט זי מיט דער צייט פערלאָרען, קיין ידיעה האָט זי פון זיי ניט בעקומען און האָט זיי שוין בעוויינט, ווי זיי וואָלטען געשטאָרבען געוועזען...

שוין לאַנג ווי א שמייכעל האָט זיך ניט בעוויזען אויף איהרע פערקנייטשטע ליפען, שוין לאַנג ווי מען האָט בעמערקט אויף איהר געזיכט א זכר פון צופריעדענהייט; ערשט אַז זי האָט בעקומען דאָס ציגעלע, איז זי גאָר איין אנדער מענש געוואָרען. זי האָט אנגעהויבען צו פיהלען א צופרידענהייט, פון וועלכער זי האָט שוין לאַנג ניט געוואוסט...

חאָטש זי וועט נאָך דאַרפען געוועהנליך אנהוסטען זיך, ביז זי וועט שוין בעקומען מילך פון איהר איינציגער ציג, דאָך אבער האָט זי אויף וואָס צו וואַרטען, די צייט לויפט שנעל, און אין משך פון א יאָהר האָט זי מילך... און מיט דער מילך וועט זי פערגיסען, פערפולען אן־דאַרטען יענעם לאָך, וואָס זי פיהלט ביי יעדען מאָל אטהמען עפּיס אין דער לינקער זייט; מיט דער מילך וועט זי אראָבשווינקען, אויסוואַשען דעם „זאַמד“ אן־דאָרטען אין האַלדז, וועלכער ווערגט זי, בעת זי הוסט אַזוי שטאַרק...

און אַז זי האָט דערהאַרט בעקומען פון איהר ציג דאָס ערשטע גלאָז מילך — און דאָס איז געווען גאָר ניט לאַנג, מיט א חודש צוריק פאַר פסח, — איז זי געלאָפען אנזאָגען די שמחה אַלע איהרע שכנות, אַלעמען האָט זי געוויזען די מילך. און די ציג האָט זי געהאַלדזט, געגלעט און נאָך מעהר געהאַדעוועט.

מיט אַפּעטיט האָט זי געטרונקען די מילך און יעדען זופּ, וואָס זי פלעגט אראָבשלינגען, פלעגט זי זיך שטיל צוהערען, אנבייגענדיג דעם קאָפּ אביסיל אויף אַ זייט. אפשר איז שוין דאָרטען אין דער לינקער זייט דאָס לאָך פערפולט געוואָרען, און אין האַלדז ווערגט שוין מעהר נישט דער זאַמט... עס האָט אפילו נאָך גאָר ווינציג געהאָלפען; אבער זי האָט איהר האָפנונג נישט פערלאָרען: זי האָט דאָך ערשט גענומען טרינקען מילך, וואַרט, זאָל געדויערען...

— האָט איהר געהערט, שרה־רחל — פרעגט זי איינמאָל א שכנה — דער „פריץ“ האָט בעפוילען, אַז יעדער בעל־הבית זאָל פלאַנצען בוימער ארום זיין שטוב, און מעהר זאָל מען קיין ציגען ניט האַלטען, ווארום זיי עסען אַרום די בוימער, וואַקסען זיי מעהר ניט, און ווער עס וועט האַלטען א ציג און מען וועט זי האַפּען עסען א בוים, וועט מען דאַרפען בעצאָהלען 25 רובעל שטראָף?

שרה־רחל האָט בעת מעשה געשטריקט א זאָק. אַז זי האָט דערהערט אַזאַ נייעס, האָבען זיך איהר די הענד צוציטערט און די זאָק איז איהר אַרויסגעפאַלען פאַר שרעק, די פראַגע וואָס זאָל זי ערשט טהון האָט זי געבראַכט אין גרויס פער־לעגענהייט.

האַלטען די ציג שטענדיג פערשפּאַרט איז אוממעגליך — עס איז דאָך זומער. לאָזען זיי אין פעלד, קען זי געהען אין היזק; פערקויפען זי — דאס איז איהר

אויפ'ן זינען ניט אַרויף אַפילו. ענדליך איז זי נעקומען צום בעשלום: אבפיהרען זי אַלע טאָג אין פעלד, און דערנאָך נעהען יעדעס מאָל איהר אנטקעגען.

נאר א בליאסק אויף טאָג, שרה־רחל איז שוין גרייט, נעמט אָן פאַר'ן האָרן די ציג און נעהט מיט איהר אין טשערדע, גלייך מיט אַלע בהמות און ציגען צו־זאַמען, ביז וואַנען זי קומט מיט איהר אַרויס אחוצ'ן שטאָדט ווייט אַזש אונטערן וואַלד. דארט ערשט שטעלט זי זיך אב, לאָזט אב דעם האָרן, זעצט זיך אונטער א בוים, אדער ערגיץ אויף א בערנעלע אברוהען אַביסיל.

און אַז די זון איז שוין גאַנץ הויך, עס איז שוין צייט נעהען ארבייטען עפּיס וואָס, הויבט זיך אויף שרה־רחל שווער פון איהר ארט, קעהרט זיך אום צו דער ציג און לערנט איהר אביסיל דרך־ארץ:

— זעה, זעה — זאגט זי: — אט — דאָ קענסטו עסען, וויפיעל דיין הארץ געלוסט, אבער אין שטאדט, די בוימער — גאָט זאָל דיך משמר ומציל זיין — די מענשען זענען שלעכט; מען וועט דיך האַפּען — איך וועל זיך ניט קענען איסצאהלען און דיר וועט מען, ישונא־ישראל, חלילה, איבערברעכען א ביין, מיינע שונאים...

אין אַזוי פלעגט זי זיך איילען אהיים, אין איהר קליין שטיבעלע, דאָרטען אין עק גאַס, וואו מען געהט צום „בית־עלמין".

זעלטען ווען שרה־רחל פלעגט ניט צייט האָבען פאַר נאַכט נעהען איהר ציג אנטקעגען און ברענגען זי אהיים; און ווען אַזוינס פלעגט זיך טרעפען, פלעגט זי זיין העכסט אונרוהיג — טאָמיר טהוט זי ערגיץ אַ היזק.

אמאָל בעגעגענט זי אבריהמ'צע, ר' יצחק'ס א שמייסער, — אט טאָקי ביי דעם זעלבען ר' יצחק, וואָס אויף זיין זוהנ'ס התונה האָט זיך שרה־רחל פערקיהלט — „א יונג מיט ביינער", און זאָגט איהר העזה'דיג:

— שרה־רחל, איהר ווילט זיך א פנים נעזעגנען מיט אייער ציג: מיר האָבען פערזעצט נייע בוימליך, און זי קריכט צו אונז אין גאָרטען. נעכטען האָט זי אַרום־גענריזעט א בוימיל, נישט מעהר וואָס איך האָב אייך געשאַנעוועט. דערצו האָט זי זיך ארויסנעהאַפּט פון מיינע הענד, אז ניט, זאָג איך אייך זיכער, איך וואָלט איה־איבערגעבראָכען די פיס.

שרה־רחל'ן איז פינסטער געוואָרען אין איהרע אַלטע אוינען הערענדיג עס. זי ווייס, אז אברהמ'צע קען האַלטען וואָרט. פאַר שרעק האָט זי זיך שטארק צוהוסט און דער הוסט האָט זי אבגעמאַטערט א גאַנצע נאַכט, אנ'אויג האָט זי ניט נעפרופט צוצופיהרען, און שטאַרק אבנעשוואַכט האָט זי זיך געפיהלט אויף מאָרגען.

אַ פּאָר טעג נאָך דעם האָט זי נעהאַלטען די ציג פערשפאַרט אין איהר קליין שטיביל, וואס האט אמאל אין די גוטע יאהרען, נעדינט פאַר אַ סוכה. מען קען דאך אבער ניט האַלטען די ציג אַלץ פערשפאַרט, האט זי ווידער נענומען פיהרען זי אין פעלד און געהען איהר ווייט אנטקענען, און אז זי פלעגט זיך מיט איהר אַזוי גיך ניט בעגעגנען, פלעגט זיך איהר אַבּרייסען איז האַרצען: טאָמיר—לאָזט איהר דער געדאַנקען ניט רוהען,—וועט די ציג ווידער אנרייסען אויף אברהמ'צען...

שרה־רחל נעהט פערטראַכט, האַלט די אויגען אַרויף און קוקט ווייט אין דער לייננ גאַס. פון יענער זייט אַקעגען איהר, זעהט זי, נעהט די טשערדע פון פעלד. עס הערט זיך אַ שטאַרק מרוקעריי, אַ מעקען, און ווייַלען שטויב הויבען זיך אין דער הויך און צושפּרייטען זיך איבער׳ן גאַנצען גאַס.

זי הויבט אויף די האַנד איבער די אויגען און בעמיהט זיך אריינדרינגען מיט איהר בליק אין דעם שטויב אריין, טאָמער וועט זי בעמערקען דאָרט איהר ציג, אָבער עס איז אונמעגליך: עס איז אַלס אויסגעמישט, צונויפגענאָסען אין איין געדיכטע טונקעלע מאַסע, אין וועלכער עס איז שווער אבצוזונדערען איינס פון אַנדערען.

זי נעהט ווייטער, אנטקעגען דער געדיכטער מאַסע, וועלכע פערברייטערט זיך אַלץ מעהר און מעהר, און שרה־רחל ווערט אין איהר פערשלונגען. לינקס, רעכטס און אַקעגען איהר געהען פאַרביי אַלערליי פאַרבינע בהמות. זיי געהען און שאָקלען ערנסט אַרויף און אַראָב מיט זייערע קעפּ, שמייסען זיך מיט די ווידלען איבער די זייטען, טרייבען אַראָב פון זיך די אונגערופענע געסט, די בייסיגע פליגען... אַט גיט איינע אַ שמיץ מיט איהר לאַנגען געדיכטען ווידעל איבער׳ן לופט און טרעפט שיער שרה־רחל׳ען אין פּנים אריין... אַט געהט אַ יונגע בהמה דרייסט גליך אויף איהר. אַט־אַט — און זי בעגעגענט זיך מיט איהרע הערנער... עס גיט איהר אַ קלאַפּ אין האַרצען און זי איילט זיך אבליידינגען דעם וועג דער אונתרבות׳דיגער בהמה, זי זאָל זי אויף די הערנער ניט ארויפנעמען... אַט זעהט זי געהען ציגען אויך, נייַן, עס איז אָבער ניט איהרע — דאָס געהען יתנה־דבשה׳ס צוויי אַלטע גרויסע ציגען מיט גרויסע, הויכע הערנער, מיט לאַנגע, דיקע, פערשמוצטע אייטער, וועלכע שלעפּען זיך אַזש איבער דער ערד... „טפו!" שפּייט זי אָב, זי זאָל זיי קיין עין־הרע ניט געבען, „וויפיעל מילך זיי גיבען"... דאַ־טען ווייטער זעהט זי געהען נאָך ציגען, אָבער איהרע איז אַלץ ניטאָ, איהרע איז עפּיס היינט ווי פערפאַלען געוואָרען...

עס האָט זי עפּיס אַ צופּ געטהון ביים האַרצען, און אין קאָפּ האָבען איהר גענומען דרעהען זיך משונה׳דיגע געדאַנקען. די פערגאַנגענע נאַכט, דערמאַנט זי זיך האָט זיך איהר עפּיס גע׳חלום׳ט. דאָס איז געווען אין סאַמע פאַר־טאָג: איהר ציג איז טויט קראַנק; זי קוריערט זי און עס העלפט איהר ניט, און מיט אַ שרעקליכען געשריי, איין פּיף ווי פון דעם פאַסטוכ׳ס האָרן, איז איהר די נשמה אַרויס...

שרה־רחל נעהט ווייטער און אַ שרעקליכע אונרוהיגקייט האָט זי אַנגעגריפען.

— שרה־רחל, שרה־רחל, — שרייט איהר פון אַ זייט אַ שכנה — לויפט גיכער, אייער ציג איז אַריין צו ר׳ יצחק׳ן אין גאָרטען, מען וועט זי דאָרט הרג׳נען, שונאי ישראל...

די פיס זענען איהר אונטערגעבראָכען געוואָרען און זי איז אַרויפגעפאַלען אויף אַ קלאָץ, וואָס איז געווען דאָ איינגעגראָבען אין גאַס, — עטליכע מינוט האָט זי זיך פעסט געהאַלטען אָן איהם, זי זאָל אין גאַנצען ניט אומפאַלען, דערנאָך האָט איהר עפּיס אַ נעם געטהון ווי אַ שטאַרקע הוואַליע אַ קליין שיפעלע, און ניט ווי מיט איהרע אַלטע כחות האָט זי זיך אַ לאָז געטהון אין דער לייננ גאַס... אַט

איז זי שוין ביים עק נאָס, אט פּערקירוועט זי זיך לינקס, אין אַ נעסעלע, באלד איז זי שוין נעבען ר' יצחקין...

און דארטען איז שוין געווען פיל די נאָס. בעל־הבתים וואס זענען געגאנגען מנחה דאווענען, האבען זיך אבגעשטעלט, ארבייטער האבען פּערוואָרפען זייער ארבייט און זענען געקומען אהער אהין איבער־ראקען, מיט פּערקאטשעטע ארבעל, ווייבער־מיידליך, חדר־יונגען... עס איז געווארען א רעדיל מענשען, און אלע שפּארען זיך אין רעכמען מיטען, און אין סאמע מיטען איז געלעגען אויף א זייט שרה־רחל'ס ציג, איינגעגראבען דעם קאפּ אין היבש פּערבלוטינט זאַמד; די אויגען זענען איהר האלב אפּען און דער לינקער פּאדערשטער פוס היינגט אין דער לופטען, א מין איבערנעבראכען שטעקיל... שרייען, ווי עס שיינט, האט די ציג שוין ניט געקענט, עס האט זיך נור געהערט קרעכצען און צייטענווייז פלעגט זיך ארויסרייסען א שוואַכעס, פּערהוארגענעם „מע" מיט א שוואכען פישטן פון אונטען ארויף, ווי זי וואלט נעבעטען רחמים ביים מלאך־המות...

— דאס איז שרה־רחל דער אלמנה'ס ציג — שרייט א יודענע,

— זי וועט עס אוודאי ניט אריבערטראגען, — שרייט א צווייטע.

— וואס פּאר א גזלנים „ראסטאנסקע ראטע" איז זיי ווינציג.

— מען זאל קיין רחמנות האבען אויף גאט'ס א בעשעפעניש.

— וואס האט זי געטהון, אוודאי א שטיקיל שאלעכץ אבגעריזעט.

— די וועלט איז זיי ווינציג, קרענק אין זייערע מוחות אריין.

— איך האב געוואלט זיך מיט איהם אברעכענען,—שרייט אויס א ארבייטער־מיט א ברייטער ברוסט־שטימע, — איך לויף ארויס — איהם איז שוין אבער ניט געווען, זיין טרייפּענעם גליק...

— דאס איז אליך אברהמ'צע, נעם איהם אב, גאט, זיינע יאהרען...

— אן געהט זי, שרה־רחל, זעהט נור ווי זי לויפט !...

און שרה־רחל לויפט, אז קוים וואס די נשמה האלט זיך אין איהר, זי לויפט, אט ווי זי פּאלט... און דא האט זיך דאס רעדיל מענשען פונדערגענומען, געמאכט שרה־רחל'ען א וועג צו דער ציג. זי לויפט גלייך אין רעדיל אריין, בלייבט שטעהען, עס האקען איהר אב די פיס, און ווי א שטיין, לאזט זי זיך אראב אויף דר'ערד. עטליכע סעקונד איז זי געזעסען מיט פּערבראכענע הענד, די אויגען אויף ארויף, און האט גאר נישט געזעהען וואס דאס איז...

— זי האט זיך געריהרט -- האבען זיך ווייבער אנגעהויבען שושקען.

— הא! — האט זי זיך אויפגעהאפּט, און איהר בליק איז געפאלען אויף דער ציג'ס קאפּ און אויף די בלאטקע בלוט וואס איז דערביי.

— אַ דונער איז מיר, וועה איז מיר,—האט זי ארויסגעבראכען אין א שטאַרקען געוויין—מיין איינציגעס וואס האלט אויף מיין לעבען, האט מען מיר אווקגענומען... זי פאלט מיט'ן קאפּ אויף דער ציג און חליפעט ביטערליך.

— שרה־רחל, גאט איז מיט אייך, — טרייסט זי א יודענע; — ס'איז דאָך ניט מעהר ווי א סקאַטינקע, וואס איז אזוינס...

— לייט פערליערען קינדער, ניט פאר קיין יודען געדאַכט, — מען זאל זיך אזוי נעהמען צום הארצען...

— ניין שרה־רחל, איהר זייט דאָך עפּיס א עלטערער מענש...

שרה־רחל איז אבער שוין ווי ניט דאָ, זי הערט גאָר נישט, זי זעהט גאָר גישט און ענטפערט קיין וואָרט.

פלוצים האַפּט זי זיך אויף, שטעהט און בעטראַכט עטליכע סעקונד די ציג, ווי זי וואָלט זי וועלען אויסוועגען, זי גיט זיך צו איהר א בייג, נעהמט זי אָן פאַרזיכטיג, הויבט זי אויף, נעהמט זי אַרום פעסטער, ווי א מוטער איהר קינד, און לאָזט זיך מיט איהר נעהען צו זיך אַהיים.

אַלע קוקען איהר נאָך, ווי שווער זי געהט, ווי עס הענגט אַראָב פערוואָרפען דער ציג'ס קאָפּ אין דער לופט; חדר־יונגנגען געהען נאָך און בעטראַכטען די טראָפּענס בלוט, וועלכע פאַלען אַראָב אויף דעם דונקעלען זאַמד און ווערען פערשוואונדען...

אויסגעבאָרען אין שוויים איז שרה־רחל געקומען אַהיים. די ציג האָט זי אַוועק־געלענט אויף איהר איינענעם בעט, און אַליין האָט זי זיך געזעצט נעבען איהר אָברו־העז אַ ביסיל.

אין שטוב איז שוין געוואָרען גאַנץ פינסטער, און שרה־רחל האָט שוין מעהר ניט געקענט קוקען דער ציג אין איהרע האַלב אָפענע אויגען אַריין...

— וואס זיין איך? — לויפט איהר דורך א געדאַנק אין קאָפּ, און זי האַפּט זיך אויף, מאַכט צורעכט אַ קליין לעמפּיל, וועלכעס זי פלעגט נור אָנצינדען אין די לאַנגע ווינטערדיגע נעכט, צינדט עס אָן, לויפט צו צום בעט, וואַרפט איינינע פערצווייפעלטע בליקען אויף איהר ציג, שטעלט אַוועק דאָס לעמפּיל און לויפט שנעל נאָך קאַלטען וואַסער.

אַז זי האָט אַוועקגעשטעלט ביים בעט דעם עמער מיט קאַלט ן וואַסער, האָט ז אויפגעזוכט איהר אַלטעס סיצען־קליידיל, האָט עס צוריסען, און האָט גענומען די איינ־ציגע שמאַטעס טונקען אין קאַלטען וואַסער און לעגען אויף די ציג. מיט איין שמאַטע האָט זי איבער־געבונדען דעם איבערגעבראָכענעם פוס, אַ צווייטע האָט זי אַרויפגעלעגט אויפ'ן קאָפּ, צווישען די הערנער, און מיט איין אַנדערער האָט האָט זי אַרומגעוואַשע־דאָס בלוט פון פיסק מיט די צייהן, פון וואַנען עס האָט נאָך געטריפט בלוט, און אָב־געוואַשען איין וואונד אַ גרויסע אויפ'ן רוקען...

שרה־רחל איז געוועזען פערטיעפט אין איהר אַרבייט, אַז זי האָט גאָר ניט בע־מערקט, ווי איינינע חדר־יונגנגען קוקען איהר נאָך אין פענסטער, וואָס טהוט זי. איינינע שכנות זענען אַריינגעגאַנגען געוואָהר ווערען. זיי האָבען געפּרובט טרייסטען זי, בערו־היגען זי; זי האָט זיי אָבער קיין וואָרט ניט געענטפערט, ווי זי וואָלט געווען אָהן אַ לשון, זי האָט נור געטהון איהר אַרבייט אַרום דער ציג, און די איבריגע וועלט איז איהר גאָר ווינציג אָנגעגאַנגען.

שוין אַ דריטען עמער וואַסער, אַז זי האָט שוין אויסגעגאָסען אויף איהר הולה און די סכּנה, ווי עס שיינט, מינערט זיך ניט, דיזעלבע פֿערמאַכטע אויף העלפֿט איינע ? דיזעלבע שוואַכע קרעכצען, קוים־קוים וואָס מען קען עס דערהערען...

זי נעהמט און קוקט זיך איהר איין שטאַרק אין די אויגען—אָבער זי בעמערקט דערין קיין ליכטיגקייט; זי פּרובט אָנגעהמען ביים ברעם און עפֿענען דאָס אויג ברייטער—אָבער דאָס אויג זעלבסט ניט זיך ניט אַ ריהר, ווי עס וואָלט געווען נישט מעהר ווי אַ שטיקיל טונקעלעס גלאָז...

זי קען עס ניט גלייכגילטיג נאָכקוקען. זי פֿאַלט אַנידער אויפ'ן בעט, דער קאָפּ ליגט ביי דער ציג אויפ'ן בויך, וועלכער איז נאָך געגוג וואַרם, און צו־וויינט זיך לאַנגזאַם און שטיל.

אַז זי האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ, האָט זי ניט געקענט משער זיין, ווי פֿיעל איז זי אַזוי אָבגעלעגען. זי קוקט זיך אום מיט איהרע דונקעלע פֿערמאַטערטע אויגען פֿערצווייפֿעלט: אַרום־און־אַרום איז טיעף שטיל. מען הערט נור, ווי איין פליג, אַ יתומה'לע אַ פּנים, קלאַפּט זיך אָן סופֿיט מיט איין מאָדנעם אונמוטהיגען זשומעריי, ווי זי וואָלט געזוכט עפּיס אַ רוהיגען נאָכטלעגער און קען ניט געפֿינען... אַ געדיכטע פֿינסטערניש לאָזט זיך אַראָב אין שטיביל און בעדעקט אַלעס מיט אַזאַ מין שווערינקייט... דאָס קליין פֿייעריל שפּרינגט אונטער אין לעמפּיל, און איבער די קליינע, נידריגע ווענד שפּרייטען זיך פֿונאַנדער שוואַרצע שאָטענדיגע פֿליגלען. דאָס פֿייעריל שפּרינגט שפּרינגט, ראַנגעלט זיך נאָך מיט די לעצטע קרעפֿטען מיט דער פֿינסטערניש. און אָט — נאָך איין שוואַכער שפּרונג, נאָך איין בעװעגונג, דאָס ליכט רייסט זיך איבער און דער שאָטען נעהמט אַרום מיט זיינע פֿליגלען די גאַנצע שטוב.

עס האָט אַ שוידער געטהון שרה־רחלין אין אַלע איהרע גלידער. זי רייסט זיך די אויגען, זי וויל עפּיס בעמערקען, אונטערשיידען, עס זאָל איהר עפּיס ניט מישען אַזוי אין קאָפּ; אָבער אומזיסט איז איהר מיה: אַרום און אַרום איז געדיכט פֿינסטער, עס נעהמט זי אָן אַ קעלט...

זי טאַפּט אין דער פֿינסטער, געפֿינט איין אַלטעס טוך, וויקעלט זיך אין איהם איין און טוליעט זיך צו צו דער ציג.

אַ היבשע צייט איז זי געלעגען ווי אַ שטיק האָלץ, אָהן לעבען און אָהן בעװעגונג. קיין געדאַנק האָט זיך איהר ניט אַ ריהר געטהון אין מח, ווי זי וואָלט מיט אַ מאָל פֿערפֿרוירען געוואָרען. אַז זי האָט אָנגעהויבען קומען צו זיך, האָט איהר עפּיס אָנגעהויבען ווי שווינדלען אין די אויגען, און עפּיס איין שווערע מאַסע האָט זיך איהר געגומען קעהרען אין קאָפּ, עס וויל עפּיס ווי אויסקעהרען זיך, איבערדרעהען זיך, און זי פֿיהלט, ווי דער קאָפּ וויל זיך איהר עפּיס ווי צורייסען אויף צווייען...

פּלוצים האָט זיך איהר עפּיס ווי אַ ריס געטהון אין מח, און איהר איז געוואָרען אַזוי לייכט, ווי דער קאָפּ וואָלט זיך מיט איין מאָל אויסגעליידיגט, ארויסגעוואָרפֿען זיך, וואָס דאָרטען האָט געדריקט און וואָס עס איז אַזוי שווער געווען.

עפּיס אַ העל הייסע ליכטינקייט, עס פֿליהט עפּיס איין אָדלער מיט הערנער פֿון אַ ציג, שרה־רחל זיצט איהם אויפֿ'ן רוקען, אין האַרצען איז איהר אַזוי לייכט, אין דער לינקער זייט שטעכט שוין מעהר ניט, ניטאָ מעהר קיין זכר פֿון דעם אַמאָליגען שווערען הוסט, ניטאָ מעהר קיין זאַמד אין האַלדז, עס ווערגט זי שוין מעהר ניט. זי נעהמט אָן דעם אָדלער בּיי די הערנער, פֿליהט און טראָגט זיך אין דער לופֿט, קוקט זיך אַרום אין דער לייגג און אין דער ברייט: ס'דוכט זיך איהר, אַז אָן־דאָרטען, ווייט אין יענער העלער, טיפֿער, אונענדליכער ליכטינקייט, אנטקעגען איהר פֿליהט אויף איין משונהדיגער בּריאה איהר מאַן שלמה. בּיי די זייטען זיצען איהרע צוויי זיהן, זייערע פּנים'ער פֿלאַמען פֿון דער העלער ליכטינקייט און צופֿרידענדייט. זיי מאַכען איהר מיט די הענד ווי זיי וואָלטען זי גערופֿען אַהין, אַהין אין קלאָרען הימעל אַריין... זי פֿליהט פֿייל פֿון בויגען און אָט איז זי שוין ווייט אין די וואָלקענס אַריין...

מ. ערליך.

# דִי פְרוֹי אִין אֲגָדָה אוּן מִדְרָשׁ.

(ענדע).

צו בעווייזען, אז די תלמודיסטען האבען די פרויען נישט געהאלטען פאר אונ־פעהיג עטוואס צו לערנען, איז גאר נישט אזוי שווער. מיר געפינען אין תלמוד א היבשע צאהל פרויען, וואס אין זייער נאמען ווערען געבראכט דינים, הלכות און אפטמאל גלאט אזוי א גלייך ווארט. דיזעלבע אימא־שלום, ר׳ אליעזר׳ס פרוי, האט פיעל געלערנט און פלעגט נאכזאגען תורה פון איהר פאטער און זיידען. ר׳ מאיר׳ס פרוי, ברוריה, האט געלערנט, ווי מען דערצעהלט פון איהר, דריי הונדערט הלכות אין א קורצען ווינטערטאג. איינמאל האט דער תנא ר׳ יהושע געפסק׳ענט א דין נאך איהר דעה. ברוריה איז איבערהויפט בעקאנט מיט איהרע ויכוחים איבער מאראלישע און רעליגיעזע פראגען. מיר געפינען זי אמאל אין א שמועס מיט איהר מאן וועגען א שלעכטען שכן, וועלכען ר׳ מאיר האט געשאלטען. זי האט ר׳ מאיר׳ן בעוויזען מיט א פסוק פון דער תורה, אז נישט די ר ש ע י ם זאלען צו גרונד געהן, נאר דאס ר ש ע ו ת בעדארף אויפהערען, דאן וועט שוין ממילא קיין רשעים נישט זיין. אין אנדער מאל בעגעגענט זי דער תנא ר׳ יוסי הגלילי און פרעגט זי: „ווי ארום געהט מען דא קיין לוד?" זי פטר׳ט איהם אב מיט א וויטץ און ענטפערט איהם: „גלילי שוטה, ווייסט דו נישט, אז מען טאר נישט פיעל רעדען מיט א פרוי? קענסט דאך קורץ פרעגען: וואו איז לוד?" אויס דער דאזיגער אגדה זעהען מיר אויף יעדען אופן, אז ברוריה איז געשטאנען גייסטיג זעהר הויך און איהרע גייסטיגע מעלות זענען פון די תלמודיסטען געשעצט געווארען.

דער תלמוד שעמט זיך איבערהויפט נישט, אפטע צו ברענגען דעות פון פרויען. אזוי דערצעהלט אביי א סך מאל אין נאמען פון זיין ערציהערין: „דאס האט מיר אם (דאס איז געווען איהר נאמען) געזאגט". א ראליע פון א געלערנטע פרוי האט אויך געשפיעלט ילתא, ר׳ נחמן׳ס ווייב. נאך מעהר, די חכמים האבען אפטמאל נישט געוואוסט דעם טייטש פון א לשון־קדש־ווארט און האבען זיך ערשט דערמאנט, ווי אזוי זיי האבען דאס ווארט געהערט פון ר׳ י ה ו ד ה ה נ ש י א ׳ ס ד י נ ס ט מ י י ד י ל (ביי ר׳ יהודה הנשיא פלעגט מען רעדען נור העברעאיש).

פון ר׳ גמליאל דעם נשיא׳ס טאכטער ווערט דערצעהלט איין אינטערעסאנטער ויכוח מיט א געטצענדיענער, אויס וועלכען מיר זעהען, ווי הויך דער תלמוד האט געשעצט די גייסטיגע מעלות פון פרויען.

איין אנגעזעהענער נעטצענדיענער האט אמאל געזאגט צו ר׳ גמליאל׳ן: „אייער גאט איז א גנב; ער האט ביי אדם-הראשון אין שלאף אויסגעגנב׳ט א ריפ״.

— איך בעט דיך — האט זיך אנגערופען ר׳ גמליאל׳ס טאכטער, — גיב אונז זעלנער, זיי זאלען אונז העלפען זוכען די גנבים, וואס האבען אונז יענע נאכט בעגנב׳ט. זיי האבען געגנב׳ט א זילבערנעם בעכער און צוריקגעלאזען א נאלדענעם.

— איך ווינש מיר — האט ער געענטפערט — הלואי, וואלטען צו מיר געקומען יעדע נאכט אזעלכע גנבים!

— נו, זעהסטו שוין די גנבה; ביי אדם׳ן האט מען געגנב׳ט א שטיק פלייש און איהם געגעבען א לעבעדיגען מענשען, וועלכער ברענגט איהם פיעל נוצען.

און אזוי ווי בנוגע צום שכל אזוי האט אויך דער תלמיד בנוגע צום מוסר די פרוי נישט נידריגער נעשטעלט פון מאן. גאר דאן לאזט אין איינעם פון זיינע שירים די פרוי זיך דעריבער בעקלאגען, וואס מען האט די פרויען נישט מעהר געגעבען ווי דריי מצוות אקעגען תרי״ג (613) מצוות, וואס זענען געגעבען געווארען די מענער. דאס איז אבער נישט דערפאר, מחמת די פרוי שטעהט מאראליש נידריגער, נור דערפאר, ווייל איהרע קערפערליכע קרעפטען און איהרע אנדערע אויפגאבען אין פאמיליענלעבען האלטען זי אב פון א סך זאכען, וואס דער מאן איז מחויב צו טהון, ווי למשל, תורה-לערנען (וואס פערלאנגט נאך דער דעה פון תלמוד גרויסע אנשטרענגונג) און נאך אנדערע זאכען. די תלמודיסטען האבען נישט געקענט זיך נענוג אנלויבען איבער די פרויען פון דער תורה, וועלכע זענען אויפגעטרעטען אלס נביאות אדער העלדינען. די אגדה דערצעהלט אונז אויך זעהר פיעל וועגען דעם מוסר און דער מאראלישער קראפט פון פרויען אויס דעם שפעטערען פאמיליענלעבען אין דער תלמודישער צייט. אזוי האט די אויבען דערמאנטע ברוריה געוואוסט צו טרייסטען איהר מאן ר׳ מאיר׳ן איבער דעם טויט פון זייערע צוויי קינדער מיט העלדענמוט און זעלטענער חכמה, כדי איהם דעם שבת נישט צו פערשטערען. ר׳ חנינא בן דוסא׳ס ווייב האט פערשטאנען צו בעהאלטען איהר ארימקייט פאר די נייגיריגע שכנות, וואס פלעגען קוקען אין די טעפ אריין, און זי האט יעדען פרייטאג אויסגעהייצט דעם אויווען, חאטש זי האט נישט געהאט וואס צו באקען און קאכען אין איהם. דאס לעבען פון ר׳ עקיבא מיט זיין פרוי גיט אונז א ריהרענדעס בילד, וועלכעס געהערט צו די שענסטע אגדות אין תלמוד. ר׳ עקיבא, איינער פון די גרעסטע תלמודישע פערזענליכקייטען, איז געוועזען א פאסטוך ביי דעם רייכען כלבא-שבוע. זיין בעל-הבית׳ס טאכטער האט זיך פערליעבט אין איהם און מיט איהם חתונה געהאט, נאכדעם ווי ער האט איהר צוגעזאגט, אז ער וועט אנהויבען לערנען תורה. דער רייכער פאטער האט זי מעביר-נחלה געווען, און זי האט געלעבט מיט איהר מאן אין גרעסטער נויט און דחקות; זי האט אבגעשניטען איהרע האר פון קאפ און געקויפט פאר זיי ברויט. דערפאר איז איהר מאן ר׳ עקיבא, וועלכער זאגט אליין עדות אויף זיך, אז אין דער יוגענד, ווען ער איז נאך געווען איין עם-הארץ, א גראבער יונג, וואלט ער געקענט א תלמיד-חכם צובייסען ווי א שלאנג, דער זעלבער ר׳ עקיבא איז דערנאך אין זכות פון זיין פרוי געווארען איינער פון די גרעסטע יודישע לעהרער!

מיר וואלטען נאך נעקאנט ברענגען פיעל ראיות איבער די גוטע מדות און שבחים, וואס דער תלמוד דערצעהלט פון פרויען, אום צו בעווייזען, אז די פרוי איז נישט געשטעלט געווארען נידריגער פון מאן. פערקעהרט געפינען מיר דעם כבוד פון דער פרוי זעהר נידריג אין כמעט אלע רעליגיעזע שריפטען און פילאזאפישע ווערק פון אנדערע פעלקער, פון די עלטעסטע צייטען אן ביז צו אונזער צייט. דאס בעריהמטע שטיקיל עפיל, וואס חוה האט גענאשט אין גן־עדן (און אין אמת'ן האט זי עס נישט געוואלט אליין אויפעסען אהן דעם מאן !) האט געבראכט בעזונדערס די קריסטליכע רעליגיאן צו דער דעה, אז די פרוי איז די סבה פון אליך, וואס איז אומריין, אז זי ברענגט צו זינד, און דערפאר הייסט מען זיך היטען פאר די פרוי ווי פאר אלעס בייז. די אפאסטעל (שלוחים) זאגען אן, מען זאל נישט האבען צו טהון מיט פרויען; ווער עס נעמט א ווייב, בעגעהט איין עברה. איינער פון די קירכענפעטער זאגט, אז דאס „התונה־האבען מוז אויפהערען, ווען אפילו די וועלט זאל דעריבער צוגרונד געהען". און „ווער עס האט נישט התונה, קומט אין הימעל אריין". איינער, טערטוליאן, שרייבט אזוי: „אשה! דו בעדארפסט געהן אנגעטהון אין טרויער און שמאטעס, תמיד זאלסט דו פערגיסען טרעהרען פון חטא, ווייל דו האסט די מענשהייט אומגליקליך געמאכט. אשה, דו ביסט דער טויער פון גיהנום!" איין ביישפיעל פון דעם, ווי די קריסטען האבען געקוקט אויף די בילדונג פון פרויען נאך אין דער שפעטערער צייט, געפינען מיר אין די תקנות פון א שפאנישער אוניווערזיטעט פון יאהר 1377, אויף וועלכע מען האט זיך א לאנגע צייט בערופען, ווען עס האט זיך געהאנדעלט אום פרויענבילדונג. דער פונקט אין די תקנות זאגט: „און ווייל די אשה איז די סבה פון אלע עברות, א כלי־זין פון שטן, דורך איהר איז דער מאן ארויסגעטריבען געווארען פון גן־עדן און דורך איהר זענען פערדארבען געווארען די אמת'ע מדות... דעריבער טאר א פרוי, ווי בכבוד זי זאל נישט זיין, נישט אויפגענומען ווערען אין אונזער אוניווערזיטעט... א.ז.וו".

דער תלמוד און לויט זיינע דעות אויך דאס שפעטערע יודענטהום האט קיינמאל נישט געזעהן אין דער פרוי „די פערפיהרערין צו זינד, די כלי־זיין פון שטן". פערקעהרט ווייסט דער תלמוד צו דערצעהלען פון זעהר פיעל גוטע מדות און מעלות ביי פרויען, און אז איין תנא, וועלכער האט אליין שוין געהאט גאר א שלעכט ווייב, איז געפרעגט געווארען פון זיין חבר: „וואס טויגען עפים די פרויען ?"—האט ער איהם געענטפערט: „ס'איז גענוג, אז זיי ערציהען אונזערע קינדער און זענען אונז מציל פון זינד".

די פרויען אלזא איז איבערגעגעבען דאס העכסטע און איידעלסטע אין מענשליכען לעבען: די ערשטע ערציהונג פון קינד, און די פרויען ברענגען אונז נישט צו זינד, נאר פערקעהרט, זיי זענען דער יסוד פון אונזער מאראלישען לעבען, זיי זענען דער עיקר אין אונזער שענעם פאמיליענלעבען, מיט וועלכען עס זענען אונז היינט נאך אנדערע גרויסע קולטורפעלקער מקנא. גאנץ ריכטיג פלעגט זיך בערימען איינער פון די גרעסטע תנאים, ר' יוסי: איך האב קיינמאל נישט גערופען מיין פרוי: „ווייב", נאר „הויז", ווייל ער איז געווען דער מיינונג, אז דאס גאנצע הויז. ד. ה. דאס יודישע פ א מ י ל י ע נ ל ע ב ע ן האלט זיך אזוי הויך נור צוליעב דער פרוי. און טאקי נור

דעריבער האָט זיך דאָס יודישע פאַמיליענלעבען געקאָנט ענטוויקלען אויף אַזאַ שטיינער, ווייל ביים יודען איז די פרוי קיינמאָל נישט געווען קיין שקלאַפין, ווי ביי פיעל פעלקער אין אלטערטהום, און ווייל זי איז נישט געהאַלטען געוואָרען פאַר אַ נידריגערע בעשעפעניש ווי דער מאַן. דער מדרש פרעגט, אויב ס'איז נאָך פאַראַן אין וועלכער ס'איז שפראַך, אַז אַ פרוי זאָל האָבען דעם גלייכען נאָמען („אשה"), ווי דער מאַן („איש"); דאָס בעווייזט ער אויך פון דער תורה, אַז דאָרט וואו עס רעדט זיך פון דעם בעשאַפען די פרוי, שטעהט, אַז זי איז איהם געגעבען געוואָרען אַלס „עזר" אַ געהילפין; נאָר ווען ער איז עס נישט ווערט, איז זי „כנגדו" געגען איהם. און אין איין אָרט זאָגט די גמרא: „מאַן און ווייב—איז גאָט צווישען זיי, ווען זיי זענען ווערט; ווען אָבער נישט, איז צווישען זיי אַ פייער".

עס פערשטעהט זיך אַז נאָך דער יודישער אייפפאַסונג, וואו דאָס פאַמיליענלעבען איז נישט קיין זינד, נאָר אַ זיטליכעס, ערהאַבענעס אידעאַל, שפּיעלט די פרוי אין דעם דאָזיגען לעבען אַ וויכטיגע ראָלע. די גמרא זאָגט אין פיעל ערטער: „ווער עס האָט נישט קיין פרוי, איז קיין מענש נישט". „ווער עס האָט נישט קיין פרוי, לעבט אָהן ברכה, אָהן גוטס, אָהן הילף, אָהן שמחה, אָהן שלום און אָהן ליעבע", און „זיין לעבען איז קיין לעבען נישט". „די פרוי מאַכט איהם ליכטיג אין די אויגען און שטעלט איהם אויף די פיס".

אמת דער תלמוד ווייסט פון גוטע און אויך פון שלעכטע ווייבער. פון גוטע פרויען הייסט עס: „ווער עס האָט אַ גוט ווייב, האָט אַ טהייערע מתנה; ער לעבט דאָפעלט". „ווי גוט איז אַ גוטע פרוי, אַז די תורה ליבט זי". „ווי גוט איז אַ גוטע פרוי, אַז די תורה ווערט מיט איהר פערגליכען". און „ווער איז רייך? ווער עס האָט אַ גוט ערצויגענע פרוי".

דאַגעגען איז נישט פאַראַן ערגער'ס ווי אַ שלעכטע פרוי, ווייל דאָס שטילע פאַמיליענלעבען קען דעריבער נישט האָבען קיין קיום; עס הייסט:

„ווי שלעכט איז אַ שלעכטע פרוי, אַז די תורה פעראַכטעט זי". „אַ שלעכט ווייב איז גלייך צום גיהנום". „אַ שלעכט ווייב איז פאַר דעם מאַן ווי איין איסזאַץ (קרעץ); ס'איז נור פאַראַן איין מיטעל, פון איהר פטור צו ווערען". „אַלע קרענק (קען מען דערטראָגען), נור נישט חולי-מעיים; יעדען וועהטאָג, נור נישט האַרצוועהטאָג; יעדען שמערץ, נור נישט קאָפּ-שמערצען; אַלדעס בייז, נור נישט קיין בייז ווייב". און „אַ שלעכט ווייב איז ערגער פאַר'ן טויט".

מען זעהט אַז דער תלמוד רעדט נישט, אַזוי ווי מיר געפינען אין אגדות פון אַנדערע ליטעראַטורען, פון דער פרוי בכלל, נאָר פון גוטע און שלעכטע פרויען, אַזוי ווי מען רעדט פון גוטע און שלעכטע מענשען אָהן יעדען אונטערשיעד, אויב מאַן אָדער פרוי.

פון דעם פאַמיליענלעבען, ווי דער תלמוד שטעלט זיך עס פאָר, האָבען מיר אין אגדה און מדרש איין הערליכעס בילד. עס איז אַ גראָבער טעות פון די וועלכע מיינען, אַז אין יודענטהום איז די פרוי געווען אַ שקלאַפין, און דער מאַן איהר בעל-הבית. „גאָט האָט פערשאַלטען די פרוי" — זאָגט די גמרא — „פון דעסטוועגען לויפען

איהר אלע נאָך" און „נישט די פרוי בעדאַרף זיך אויפזוכען דעם מאַן, נאָר פערקעהרט, דער מאַן מוז זי אויפזוכען". די אגדה ברענגט דערצו אַ משל, אז ווען עמיצער האָט עפּיס פערלאָרען, מוז ער זוכען די אבדה; די פרוי איז אַ שטיק פון מאַן, וועלכעס איז גענומען געוואָרען פון זיין קערפער, און ער מוז דאָס דעריבער אָבזוכען.

די פרוי ווערט נישט געקויפט ווי אַ סחורה, נאָר זי מוז געבען איהר הסכם צו דער חתונה. דאָס פאַמיליענלעבען איז געשלאָסען געוואָרען, ווען ביידע צדדים, מאַן און ווייב, זענען געפעלען איינער דעם אַנדערען, און דעם מאַן ווערט פיעל מאָל אָנגעזאָגט, אַז ער איז מחויב זיין פרוי בכבוד צו האַלטען. אויך צוויי אָדער מעהר ווייבער צו האָבען איז נישט דאָס אידעאַל פון תלמוד. מיט רעכט בעהויפּטעט איין ענגלישער קולטור-היסטאָריקער, אַז זייט די יודען זענען צוריקגעקומען פון גלות-בבל, האָט ביי זיי די פיעל ווייבעריי אויפגעהערט, און ווען דער זעהר רייכער אַמורא רבא זאָגט, אַז יעדער מעג זיך נעהמען אַזוי פיעל ווייבער ווי פיעל ער קאָן מפרנס זיין, זאָגט דאַגעגען רב אַמי, אַז ווער עס וויל חתונה האָבען מיט אַן אַנדער ווייב, מוז די ערשטע גט'ען און איהר אויסצאָהלען די פולע כתובה. ווען דאָס יודענטהום וואָלט אין אמת'ן זיך פערטראָגען מיט דער איינריכטונג פון פיעל ווייבער, וואָלט אַ בלייזער חרם פון אַ שפּעטערען גאון, רבנו גרשם, נישט פיעל געווען גענוצט, אום די גאַנצע איינריכטונג אַזוי גרינגליך אָבצושאַפען.

אין די איינציגע פרוי איז ביי דעם יודישען מאַן תמיד געשטאַנען זעהר הויך. האָטש עס הייסט: „וועלכע פרוי איז פרום? די, וואָס פאָלגט דעם מאַן!" פון דעסטוועגען געפינען מיר אויף אַ סך ערטער, אַז די פרוי האָט איהר איינענע דעה און אפילו: „ווען דיין ווייב איז קליין, בייג דיך צו איהר אַראָב און פרעג זי אין עצה". און עס האָט זיך פיעל מאָל געטראָפען, אַז „אַ פרומער האָט געהאַט אַ שלעכט ווייב, איז ער פערדאָרבען געוואָרען, און אַ רשע האָט בעקומען אַ גוט ווייב, איז ער בעסער געוואָרען", וואָרום: „אַלעס העננט אָב פון דער פרוי!"

אַזאַ לאַגע פון דער פרוי געפינען מיר כמעט נור ביי יודען אין אַלטערטהום. אין אינדיען „איז דער מאַן דער הערשער איבער זיין פרוי, און ער האָט דאָס רעכט איהר אפילו אַמאָל צו דערלאַנגען עטליכע קלעפּ, נישט אין פנים, נאָר אויף דעם רוקען"! אין פרס „מוז די פרוי האַלטען דעם מאַן פאַר אַ גאָט", זי „מוז יעדען פריהמאָרגען זיך אַנידערשטעלען פאַר דעם מאַן מיט פערלענגטע הענד אויף דער ברוסט און פרעגען ניין מאָל: וואָס בעפעהלסט דו, איך זאָל טהון?". נישט בעסער איז געווען דאָס לעבען פון דער פרוי ביי די אַראַבער, אויך דאָרט האָט דאָס שלאָגען די פרוי געהערט נישט צו די זעלטענהייטען און אין קאָראַן ווערט אויסדריקליך בעפאָהלען, „צו פערשליסען די פרויען, וואָס קענען דעם מאַן ברענגען אין כעס, אין אַ קאַמער און זיי צו שלאָגען".

אַז „די פרויען האָבען קיין נשמה נישט", זענען פיעל פעלקער אין אַלטען מזרח געווען איבערצייגט. אמת, ביי די אייראָפּעאישע פעלקער האָט מען נישט אָבגעלייקענט „אַ נשמה" ביי דער פרוי, נאָר פון דעסטוועגען געפינט זיך אַ רוסיש שפּריכוואָרט, וואָס זאָגט, אַז פרויען זענען קיין מענשען נישט. ביי רוימער און

גריכען איז די פֿרוי געוועזן איין אמת'ע שקלאפֿין, און דער מאַן האָט געהאַט דאָס רעכט מיט איהר צו טהון וואָס ער האָט געוואָלט. פֿערקויפֿען, פֿערשענקען דאָס ווייב אָדער אפֿילו איבערלאָזען זי אַלס ירושה איין אנדערען, האָט מען געקענט נישט נור אין גריעכענלאַנד, נאָר אפֿילו ביי די אַלטע דייטשען, האָטש פֿיעלע קענען זיך נישט געוואוינט אבלויכען פֿון דעם אַלטדייטשען פֿאַמיליענלעבען. די לאַגע פֿון דער פֿרוי האָט זיך נישט געבעסערט ביז אין שפּעטען מיטעלאַלטער. „ווער עס שלאָגט זיין ווייב אָדער קינד מיט אַ רוט — הייסט עס אין יוטלענדישען (דענעמאַרק) געזעץ — שטערט נישט דעם פֿריעדען". אויך אין ענגלישען געזעץ איז דעם מאַן ערלויבט געווען דאָס ווייב צו שלאָגען, נור „מיט אַ דין שטעקיל, וואָס איז נישט דיקער פֿון זיין דוימען." ביי דעם בעריהמטען ראָמאַניסטען רוסישען טורגעניעוו וואונדערט זיך אַ שווינער: „אַ שענער העררר איז מיין זוהן: ער שלאָגט אפֿילו נישט זיין ווייב, די יונגע בעל־הבית'טע!" און ביי די רוס־סלאַווען געפֿינען מיר פֿאָלגענדע שפּריכווערטער: „ווער עס שלאָגט נישט זיין ווייב, דער איז קיין מענש נישט" און „דער ווייך איז צום טרינקען און די פֿרויען צום שלאָגען".

ווי גאַנץ אנדערש אין תלמוד!

די גמרא זאָגט אויסדריקליך: „דער מענש זאָל קיינמאַל נישט צו שטרענג אויפֿטרעטען אין זיין'הויז". „ער זאָל זיך היטען, נישט אָנצוטהון צער זיין פֿרוי, ווייל זי הויבט לייכט אָן צו וויינען".

אָדער: „ווער עס ליעבט זיין פֿרוי אַזוי ווי זיך אַליין און האַלט זי בכבוד מעהר פֿאַר זיך־אַליין, פֿון דעם זאָגט די תורה: דו וועסט וויסען, אַז אין דיין הויז איז שלום און עס פֿעהלט דיר גאָר נישט".

ווי געזאָגט, לייקענט נישט די גמרא, אַז עס זענען פֿאַראַן שלעכטע פֿרויען אויף דער וועלט. אַזאַ שלעכט ווייב האָט געהאַט ר' חייא און אַז רב, וואָס האָט אויך געהאַט אַ ווייב נישט קיין דימענט, האָט זיך מיט איהם אַ מאָל געזעגענט און איהם געזאָגט: „גאָט זאָל דיך אָבהיטען פֿון אַ זאַך, וואָס איז ערגער ווי דער טויט!" האָט ר' חייא גלייך פֿערשטאַנען, אַז דאָס מיינט ער „אַ שלעכטע פֿרוי". און פֿונדעסטוועגען, אַז רב איז אַמאָל געקומען צו ר' חייא און זיך געוואונדערט פֿאַר וואָס ער האַלט זיין ווייב אַזוי בכבוד און ברענגט איהר נאָך מתנות, האָט איהם ר' חייא געענטפֿערט: „לאָז געמאַך! גענוג וואָס זיי ערציהען אונז די קינדער און בעשיצען אונזער זיטליכקייט"!

אַ גוט ווייב בעקומט, נאָך דער גמרא, נור דער, וואָס איז עס ווערט. דעריבער מוז מען זיך אַ פֿרוי פֿאַרזיכטיג זוכען. „דער מענש זאָל פֿערקויפֿען אַלץ, וואָס ער האָט, און התינה האָבען מיט אַ טאָכטער פֿון אַ תלמיד־חכם". און „ווער עס נעמט אַ ווייב, וואָס פּאַסט נישט פֿאַר איהם — דעם בינדט אליהו הנביא און גאָט אַליין שמייסט איהם!" אָדער „איַיל דיך, ווען דו געהסט קויפֿען אַ פֿעלד, און איבערלעג דיר גוט, ווען דו ווילסט חתונה האָבען".

ביים אויסקלויבען אַ ווייב ווייסען מיר, וועלכע מדות עס זענען געוואָרען געזוכט, לויט דער שענער שילדערונג פֿון דעם פֿאָלקס־יום־טוב, חמשה־עשר באָב,

אין וועלכען עס פלעגען זיך יודישע יונגעלייט און יונגפרויען צוזאמענקומען אין ווייננערטען און דערביי שליסען דאס רוב שדוכים. די מיידליך, אין אינטערשיעד פון ארים און רייך, זענען אלע געווען געקליידט אין ווייסע, אבער געליהענע קליי־דער, אפילו די בת־מלכה אליין האט אויך זיך געמוזט לייהען א קלייד, כדי די ארימע זאלען נישט פערשעמט ווערען. און אזוי זענען אלע געווען לוסטיג: מען האט געטאנצט און געשפיעלט.

„יונגע לייט, קוקט אויף שענקייט, ווארום א פרוי איז נור פון שענקייט ווענען!"— האבען טהייל געזונגען, די שענע.

„יונגע לייט, קוקט אויף יחוס, דען די פרוי איז נור צוליעב דער פאמיליע!" -- האבען די מיוחסות גערופען.

„יונגע לייט, קוקט אויף פרומקייט, אויף כאראקטער, ווארום שענקייט האט ווי שלמה המלך האט געזאגט, קיין ווערטה נישט!"— האבען זיך די מאוסע געבעטען.

אלזא: שענקייט, יחוס, נוטע ערציהונג, כאראקטער,— דאס זענען געווען די מדות אין מעלות, מיט וועלכע יודישע מיי־ליך האבען געוואונען זייערע חתנים.

און געלד? געלד שפיעלט היינט ביי אונז און ביי אנדערע א גרויסע, כמעט די גרעסטע ראלע. און דעמאלט? די גמרא זאגט: „ווער עס נעמט א פרוי צוליעב איהר געלד, האט נישט קיין נעראטענע קינדער און דאס פערמעגען אליין האט אויך קיין קיום נישט". „ווער עס נעמט א פרוי, אום דורך זי גרויס צו ווערען, דעם לאזט נאט א־אבזינקען טיעפער". און ר' עקיבא זאגט: „ווער עס נעמט א פרוי ישט אין זיין מדרגה, נור צוליעב אנדערע טעמים, דער קען זיין ווייב נישט ליעב האבען, עס מוז אויסב־עכען צווישען זיי די שנאה, און דער סוף איז — פער־ברעכען און טויט!"

די ברירה צו קלויבען, וואס פאר יעדען פאסט, איז געגעבען נישט נור דעם מאן, נאר אויך דער פרוי. „ווער עס מאכט חתונה זיין טאכטער מיט איין עם־הארץ, א גראבען־יונג, איז גליך ער בינדט זי און וואַרפט זי פאר א לייב". מען טאר דער־יונגער טאכטער נישט געבען איין אלטען מאן, ווארום: „דו זאלסט נישט ברעננען דיין טאכטער צו אונזיטליכקייט!"— דאס מיינט די תורה דעם, וואס צווינגט זיין יונגע טאכטער חתונה צו האבען מיט אן־אלטען מאן. אויך טאר מען דאס מיידיל איבערהויפט נישט צווינגען און די גמרא זאגט אייסדריקליך, אז מען טאר דער טאכטער נישט געבען א חתן, איידער זי ווערט גרויס און זאגט; „דעם וויל איך!".

אויף אזעלכע יסודות האט זיך דאס יודישע פאמיליענלעבען אויפגעבויט, און עס וואונדערט אונז נישט מעהר, וואס מיר זעהען אין איהם הערשען געטריי־שאפט און ליעבע.

ביי מאנכע פעלקער — אלטע און נייע — געפינען מיר פיעל גלייכגילטיג־לוך און וויטצע ווענען טויט פון א פרוי. „ווען פרעהט זיך דער מענש ? — זאגט א דרום־סלאווישעס שפריכווארט — ווען דאס ווייב שטארבט איהם", אדער: „גליק־ליך זענען די, וואס די ווייבער שטארבען זיי, אינגליקליך די, וואס די קלאטשעס

פּנרין ביי זיי". אַ מיטעלפֿראַנקיש שפּריכוואָרט זאָגט: „אַז דאָס ווייב שטאַרבט, איז קיין אומגליק נישט", און אין נידערזעקסישען הייסט עס: „דער פּויער קען נור האָבען אַ קיום, ווען זיינע קיה שטעהען גוט און זיינע ווייבער טראָגען זיך אָב".

אין תלמוד דאַגעגען הייסט עס: „אַ ווייב שטאַרבט נור אָב איהר מאַן", „און „ווען עס שטאַרבט דאָס ערשטע ווייב, דעם ווערט די וועלט פֿינסטער", אָדער „ווען עס שטאַרבט דאָס ערשטע ווייב, איז גלייך, ער האָט דערלעבט חורבן־בית־המקדש". אפילו אַ גט איז נישט אַזוי פֿרעהליך פֿאַר אַ יודען. „ווער עס גט זיך מיט זיין ערשטען ווייב, וועגען דעם וויינט אפילו דער מזבח" און „דעם מענשען ליגט אַזוי גוט אין כבוד פֿון זיין גרושה ווי פֿון זיין אַלמנה".

אַ ריהרענדעס בילד געפֿינען מיר אין מדרש פֿון אַ פּאָר פֿאָלק, וועלכעס האָט זיך געזאָלט גט'ן, נאָכדעם ווי זיי האָבען געוואָהנט צעהן יאָהר און קיין קינדער נישט געהאַט. דער מאַן האָט זיין פֿרוי ערלויבט מיטצונעהמען פֿון זיין הויז, וואָס איהר איז אַם טהייערסטען און ליעבסטען. אַזוי באַלד דער מאַן איז אַנטשלאָפֿען געוואָרען, האָט די פֿרוי איהם געלאָזט אַריבערטראָגען פֿון איהרע דינסטען אין איהר פֿאָטערס הויז אַריין. אַז ער איז אויפֿגעשטאַנען און זיך פֿערוואונדערט, וואו ער איז, האָט זי איהם געענטפֿערט: „דו ביסט אין מיינע עלטערנס הויז. דו האָסט מיר ערלויבט מיטצונעהמען דאָס טהייערסטע און ליעבסטע און ביי מיר איז נישט פֿאַראַן טהייערערס ווי דו!" דאָס פּאָר פֿאָלק איז דערנאָך געגאַנגען צו ר' שמעון בן־יוחאי, וועלכער האָט זיי געבענשט; זיי האָבען זיך צוריק פֿעראייניגט און דערנאָך געהאַט קינדער.

אַזאַ ליעבע און טריישאַפֿט האָבען זיך נור געקענט אויסבילדען אין דעם יודישען פֿאַמיליענלעבען, אין וועלכען די פֿרוי איז נישט געווען ביי איהר מאַן נידריג און וואו זי האָט גענאָסען דעמזעלבען כבוד און דיזעלבע פֿרייהייט ווי דער מאַן.

מ. בערקאָוויטש.

# דאס כַּפָּרָה־הינדיל.

ערצעהלונג אויס דעם יודישען לעבען אין מאראָקאָ.

פון

הָאל קען.

(ענדע).

## XIX.

צוויי טאָג נאָך דעם אַרויסטרייבען פֿון טעטואן האָט ישראל מיט נעמי'ן זיך בעזעצט אין אַ קליין הייזיל, וואָס איז געשטאַנען ווייט פֿון דער שטאדט איין טאָג גאַנג.

זייט מען האָט הינטער איהם פערמאַכט די טהויערען פֿון טעטואן, האָט איהם אַלעס גענליקט. מענשען אויף דעם וועג האָבען אויף איהם רחמנות געהאַט; אַ אַלטע אַראבערין, זעהענדיג נעמי'ס חרפה, האָט שטיל בעדעקט מיט אַ מאַנטעל איהרע נאַקעטע פּלייצעס, און אַ בערבעריש מיידיל האָט ביי איהרע פֿיס אַנידערגעשטעלט פאנטאָפֿעל, וואָס זי האָט זיך פֿון די פֿיס אַראָבגענומען; די אַרימע לייט האָבען ערחמנות בעקומען אויף דעם מעכטיגען און שטאַרקען אין זיין אונגליק.

— אַללאה האָט אַזוי אָנגעשריבען! — האָבען זיי געמורמעלט.

די וואָס האָבען נישט איינמאָל הונגער געליטען, האָבען זיי געגעבען עסען און טרינקען און זיי זענען געגאַנגען פֿון איין דאָרף צום אַנדערען, ביז זיי זענען געקומען אויף דעם צווייטען טאָג צו אַ קליין אונבעוואָהנט הייזיל, וואָס איז געווען בעדעקט מיט פּאַלמען־בלעטער און האָט אויסגעזעהען ווי אַ אירלענדיש הייזיל.

באמת איז דאָס הייזיל טאַקי געוועזען אַ אירלענדערס, וואָס איז אַנטלאָפֿען פֿון אַ שיף, וועלכע האָט איהם געוואָלט פֿיהרען קיין סידניי. ער איז אַלע מאָל געוועזען טרויריג, נישט ליעב געהאַט מיט מענשען צו רעדען, דעריבער האָבען זיך אַלע פֿון איהם דערווייטערט ביים לעבען און נאָך זיין טוידט האָט קיינער אין זיין הייזיל נישט געוואָלט וואָהנען. בכן האָט ישראל זיך געקענט דאָרט בעזעצען, נישט מורא האָבענדיג פֿאַר קיינעם.

דאָס הייזיל איז אפילו נישט שען און בעקוועם געוועזען, דערפֿאַר אָבער האָ־בען אַרום די וואַנד געוואַקסען שענע, שמעקעדיגע בלומען, אַ פֿערגניגען צו קוקען.

און ישראל האָט זיך דערמאָנט אָן דעם חלום, וואָס ער האָט געהאַט אין וואַצען, אַז ער וואָהנט אין אַ עלענד הייזיל, איינער אַליין מיט נעמי'ן, וואָס קען שוין רעדען, הערען און זעהען; דאָס זעלבע האָט אויך געזעהען זיין פֿרוי איידער זי איז געשטאָרבען — אַלץ איז מקוים געוואָרען.

עטליכע חדשים, ביז עס איז ווינטער געוואָרען, האָבען זיי געלעבט רוהיג, גליק־ליך און האָבען זיך בענוגענט מיט דעם, וואָס זיי האָבען געהאַט.

ישראל, האָטש ער איז אָרים געווען, דאָך עפּיס האָט ער נאָך געהאַט, פֿון די טהייערע כלים, וואָס ער האָט פֿערקויפֿט. איז איהם איבער'געבליבען עטליכע הונדערט דאָלאַר, וועלכע ער האָט ביי זיך געהאַט בשעת מען האָט איהם פֿון טעטוען אַרויסגע־יאָגט. פֿאַר דאָס געלד האָט ער געקויפֿט קיה און שאָף און געדונגען ערד אום זי צו בעאַרבייטען, דורך אַ שכן האָט ער געשיקט קיין טעטוען מילך און וואָל פֿערקויפֿען.

די אָפּטע רעגענס האָבען דעם הייזעריק אויסגעראָט, אויף די פֿעלדער האָט געוואַק־סען, און ישראל האָט געהאַט פֿערזיכערט ברויט פֿאַר זיך און נעמי'ן, בכן האָבען זיי געקענט לעבען רוהיג און זיכער אָהן דאגות.

און אויב אַמאָל האָט אין ישראל'ס האַרץ זיך ערוועקט אַ בעדויערונג אויף זיין געוועזענע חשיבות און גרויסקייט, אָדער דאָס נייע לעבען איז איהם אַ ווילע פֿערמיאוסט געוואָרען, איז גענוג געווען, אַז ער זאָל פֿון בארג אַ קוק טהון אויף די שטאָדט, וואָס ער האָט געזעהען פֿון דער ווייטענס בעדעקט מיט רויך און נעבעל. אום ער זאָל אויפֿהערען צו בעדויערן און זאָל שוין צופֿרידען זיין.

— זיי אַלע דאָרט — האָט ער געזאָגט צו זיך זעלבסט — קריגען זיך, נאַ־רען, שעלטען און איך זייענדיג ווייט פֿון זיי, האָב מיר שטילקייט און מנוחה.

נאָר מעהר פֿון אַלעס האָט איהם דער געדאַנק וועגען נעמי'ן נישט דערלאָזט בעדויערן דאָס פֿריהערדיגע לעבען. גאָט האָט איהם געשיקט אַ ברכה, וואָס איז טהייע־רער פֿון עשירות און מעכטינקייט: נעמי וואָס איז געוועזען בלינד, שטום און טויב, הערט, רעדט און זעהט. און ער האָט אויפֿגעהערט צו זיין אַ כפרה־היהנדיל — וואָס ברויך ער נאָך מעהר!

און זיין דורשטיג האַרץ האָט זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען דעם גליק, וואָס איז געקומען אויף איהם פֿון נעמי'ס נייעם לעבען. זי איז געווען אַזוי פֿריש און אַזוי רוהיג, ווי זי וואָלט באמת ניי געבוירען געוואָרען און איהר לעבען וואָלט טאַקי נאָר ניי געווען.

דאָך האָט זי נישט באַלד געקענט זיך בענוצען מיט דער ברכה. געבוירען ווע־רענדיג מיט הייטליך אויף די אויגען, וואָס זענען איהר אָראָבגעפֿאַלען פֿון שרעקליכער אויפֿרעגונג, בשעת איהר פֿאָטער איז געווען אין אַ סכנה — איז זי זעהענדיג געוואָרען דאַמאָלס, ווען זי האָט פֿאַר הרפה נישט געקענט די אויגען עפֿענען, דערנאָך, געהענ־דיג מיט איהר פֿאָטער אויף דעם וועג. אַז זי האָט אויפֿגעהויבען די ברעהמען און געזעהען די בוימער, וואָס האָבען געוואַקסען אם וועג, האָט זי מיט שרעק אויסגעצווי־

גען די הענד, ווי זי וואָלט זיי געוואָלט אַוועקשטופּען פֿון זיך, און זעהענדיג דעם הימעל, האָט זי אויפֿגעהויבען די אָרימס, אום צו דערווייטערן פֿון זיך דאָס בלויע. אַלעס האָט ווי געוואונדעט איהרע אויגען, דעריבער האָט זי זיי געהאַלטען פֿערמאַכט, ביז עס איז נאַכט געוואָרען. דעם צווייטען טאָג איז זי געזעסען אין אַ ווינקעל פֿון דעם קליינעם הייזיל אָהן שום בעוועגונג.

דערנאָך האָט זי ערשט אויפֿגעהערט מורא צו האָבען און האָט אָנגעהויבען זיך זעהר צו פֿרעהען, און פֿון דאַמאָלס אָן איז די גאַנצע וועלט פֿאַר איהר געווען ווי אַ גרויסער, אונגעהייערער אוצר מיט נסים. גראָז, גרינס, דאָס קלײנסטע בלימיל, אפילו די גראָבע שטיינער, פֿון וועלכע זייער הייזיל איז געבויט געווען, דאָס אַלעס, וואָס איהרע פֿינגער האָבען גוט געקענט, האָט זי איצט בעוואונדערט. אַלעס האָט זיך איהר אויסגעוויזען וואונדערבאַר שען און נייגעריג.

און דאָך האָט זי נאָך אַ לאַנגע צייט דערנאָך אַלעס דערקענט נור דורך בעריהרען און הערען, איידער זי האָט זיך אויסגעלערנט בענוצען מיט דעם זעהען.

אַמאָל, אין דער פֿריה, ווען ישראל האָט זי, ווי געוועהנליך, אויפֿגעוועקט קושענדיג זי אין די ברעהמען, האָט נעמי אויף איהם אַ קוק געטהון מיט בעוואונדערונג און מורא; ערשט ווען זי האָט פֿערמאַכט די אויגען און האָט איהם בעריהרט מיט די צייהן, האָט איהר פנים אָנגעהויבען צו פֿלאַמען פֿון שמחה און זי האָט אַ געשריי געטהון:

— טאַטע, מיין טאַטע!

דעם זעלבען טאָג איז זי געגאַנגען מיט איהר פֿאָטער אויף אַ באַרג און פֿון דער ווייטענס האָט זי דערזעהען דעם ים.

— הימעל! זעה! הימעל! — האָט זי געשריען מיט שרעק און זיך אָנגעהאַפּט אָן איהר פֿאַטערס מלבושים — דער הימעל איז אַראָב אויף דער ערד!

— דאָס איז דער ים! — האָט זי ישראל בערוהיגט.

— דער ים! האָט זי איבערגעחזר'ט און נישט געגלויבט. ערשט ווען זי האָט פֿערמאַכט די אויגען און געהאָרכט, האָט זי אַראָבגעבויגען איהר פֿלאַמענדיג פנים און געזאָגט:

— יאָ, טאַקי יאָ, אמת, דאָס איז דעם ים!

דעם גאַנצען טאָג דערנאָך און ביי נאַכט איז איהר דער ים געשטאַנען פֿאַר די אויגען און אויף מאָרגען אין דער פֿריה איז זי אַליין געגאַנגען אויף דעם באַרג, אום נאָך אַמאָל צו זעהען דעם ים. דער בלויער, טיעפֿער ים האָט נעמי'ן געצויגען צו זיך ווי מיט אַ כשוף. זי איז געגאַנגען און געגאַנגען ביז זי איז צו איהם נאָהענט געקומען.

דאָרט האָט זי נייע וואונדער געזעהען. פֿון די פֿעלזען, וואָס זענען דאָרט געווען, זענען אַרויסגעפֿלויגען ווייסע, בלויע, שוואַרצע פֿייגעל, פֿון אַלע זייטען האָבען זיי זיך אַראָבגעלאָזט ביז צו דער ערד, אָדער זיי האָבען זיך ערהויבען ביז צום הימעל און האָבען געפּייפּט און געשריען און דאָס ווידער־קול האָט זיי פֿון אַלע זייטען געענטפֿערט.

נעמי איז דאָרט לאַנג געשטאַנען מיט מורא און שרעק. ווען זי איז אַהיים געקומען, האָט זי דערצעהלט אַ שרעקליכע מעשה, אַז זי האָט געזעהען שדים, וואָס וואָהנען ביים ים און האַלטען מלחמה אין דער לופט.

דערצעהלענדיג די מעשה, האָט זי אַנידערגעלעגט פאַר דעם פאָטער שטיקלעך פון די פייגעל, וואָס זענען צוריסען געוואָרען דורך אַנדערע.

ישראל האָט זיי אָנגעקוקט און איהר ערקלערט:

-- דאָס איז אַ פלינעל פון אַ ים־פייגעל, דאָס איז אַ אויג, דאָס — אַ גאַנצער טויטער פויגעל.

נעמי האָט זיך פערקלערט און פערמאַכענדיג די אויגען, האָט זי אַלעס בעריהרט און האָט פערשטאַנען, אַז דער פאָטער זאָגט איהר דעם אֶמת.

— אַך! — האָט זי געזאָגט קוקענדיג מיט בושה אויף איהר פאָטער — איך קען דאָך פייגעל.

דערנאָך האָט זי ווי צו זיך זעלבסט געזאָגט:

— אוי, ווי לאַנג עס דויערט. איידער מען קען זיך אויסלערנען זעהען!

אַמאָל איז זי אַרויסגעגאַנגען פון דער היים, בשעת די זון איז אונטערגעגאַנגען און אַהיים קומענדיג צוריק האָט זי מיט בעוואונדערונג דערצעהלט, אַז זי האָט געזעהען מלאכים אויף דעם הימעל. אין מלבושים פון פורפור האָבען זיי זיך אַראָבגערוקט אויף די וואָלקענעס מיט פלאַמענדיגע פליגעל, ביז זיי זענען פערשוואונדען געוואָרען אונטער אונזער וועלט.

אויסהערענדיג די מעשה, האָט ישראל איהר דערקלערט:

— דאָס איז דאָס אונטערגעהן פון דער זון, וואָס געהט אויף אַלע אין דערפריה און געהט אונטער אַלע אָוונד.

נעמי איז רויט און טרויריג געוואָרען פון בושה. אַזוינע טעותים האָבען איהר נישט איינמאָל פערניכטעט די שמחה, וועלכע זי האָט געהאַט פון דעם, וואָס זי קען שוין זעהען, און אָפט האָט ישראל געהערט ווי זי רעדט צו זיך זעלבסט:

— און דאָך נאַרען די אויגען זעהר!

איין מאָל אין דער פריה איז ישראל מיט איהר געגאַנגען צום ברעג פון ים און אויף אַ קליין שיפיל זיך געלאָזט אייפן וואַסער. וואָס איז דאַמאָלס געוועזען זעהר רוהיג. די לופט איז געוועזען שטיל און אויף דעם בלויען הימעל האָט מען קיין וואָלקענדיל נישט געזעהען.

דאָס שיפיל איז געשוואומען נעבען אַ קליינער אינזעל, וואָס האָט געבלאַנקט אויף דעם ים, ווי אַ רובין אין אַ פינגערל. נעמי איז געשטאַנען אין שיפיל און מיט גרויס בעוואונדערונג געקוקט אויף אַלעס. זי האָט אויסגעצויגען די אָרימס און געעפענט דאָס מויל ווי זי וואָלט געוואָלט האַלטען און איינשלינגען דאָס ווינדטיל, וואָס האָט איהרע גאָלדענע האָר צעווייהט.

פלוצלינג האָט זי זיך איינגעבויגען און דערזעהען אין וואַסער איהר אייגענע געשטאַלט.

— טאַטע! — האָט זי אַ געשריי געטהון מיט שרעק — עפּיס אַ פנים איז דאָ אין וואַסער! זעה! זעה!

— דאָס איז דיין פּנים, מיין קינד! — האָט איהר ישׂראל געענטפערט.

— מיין פּנים! — האָט זי געשריען.

— יאָ — האָט איהר ישׂראל ערקלערט — דיין פּנים שלאָגט זיך אָב נעגען דעם ליכט אין וואַסער!

די ערקלערונג איז געוועזען פאַר נעמי'ן גאָר נישט צום פערשטעהן. זי האָט אין דעם געזעהען עפּיס אוננאַטירליכס: אַ פּנים, מכלומר'שט איהר אייגענס, קוקט אויף איהר און לאַכט צו איהר אָהן קול, שטום. זי האָט זיך אַריינגעשטופּט אין מיט'ן שפּיל און שטיל געפרעגט ישׂראל'ן, צי עס איז נאָך עפּיס פאַראַהאַן אין וואַסער. ווען זי האָט ענדליך פערשטאַנען דעם סוד, איז איהר בעוואונדערונג געוועזען אונבעשרייבליך. זי האָט זיך געשפּיעלט מיט איהר שאָטען ווי אַ קינד און אויך ווי אַ פרוי, וואָס פרעהט זיך מיט איהר שענקייט. וויפיעל מאָל דאָס שפּיל האָט זיך געשטעלט, האָט זיך נעמי אַריבערגעבויגען צום וואַסער און אויסגעשריען:

— ווי שען! ווי שען!

זי האָט געפּאַטשט מיט די הענד, אָהן אַן אויפהער געקוקט אין וואַסערשפּיגעל און נייטש אויפהויבענדיג דאָס פּנים געשריען:

— ווי שען! ווי שען!

און זעהענדיג, אַז ווען זי לאַכט, עפענט די געשטאַלט אין וואַסער אויך דאָס מויל, האָט זי זעהר לאַנג געלאַכט.

קוקענדיג אויף די קינדישע שמחה, האָט ישׂראל זי נישט געוואָלט שטערען און אין האַרצ'ן האָט ער זיך געקלערט:

— בלייב אַ קינד ווי לאַנג דו וועסט קענען, בעהאַלט די קינדהייט אויף אייביג, טויביל מיינס! מיר האָט דאָס לעבען קיין מאָל נישט ערלויבט אַ קינד צו זיין.

די קינדהייט האָט נעמי'ן נישט פערלאָזען און איהר צוגעגעבען פיעל חן. זי האָט דאַמאָלס נאָך נישט געהאַט ערקענט דעם גרויסען סוד, וואָס נעמט אַרום יעדעס מיידיל ווי אַ שלייער, און ווען דער שלייער ווערט אויפגעהויבען, פערלירט דאָס מיידיל דעם קינדישען חן. נעמי האָט נאָך דעם שלייער נישט געהאַט אויפגעהויבען. זי איז געוועזען גליקליך, פרעהליך און לוסטיג ווי אַ קינד.

מיט איהר לוסטיגקייט האָט זי ישׂראל'ס עלטער זיס געמאַכט. אַ קיל האָט זיי געהאַט ווי איהר מוטער רות; קלינגענדיג איז עס געוועזען, פול פייער. לעבען און גליק. גאַנצע טעג פון אין דער פריה ביז'ן אָוונד האָט איהר געזאַנג געקלונגען. עס האָבען זי געהערט פון ווייטענס, רייזענדער, עס האָבען איהר געזאַנג געהערט די פּויערים וואָס האָבען געאַרבייט אין פעלד, האָטש זיי האָבען זי נישט געזעהען און נישט איינמאָל האָבען זיי געמיינט, אַז זיי הערען אַ געזאַנג פון אַ פויגעל, וואָס בעהאַלט זיך צווישען די צווייגען.

ישׂראל האָט זיך גליקליך געשפּירט, און ביי נאַכט, ווען ער האָט, ווי געוועהנליך, מיט אַ ליכט אין דער האַנד זיך איינגעקוקט אין נעמי'ס פּנים, האָט ער זיך פאַרגעשטעלט נעמי'ס גליקליכע צוקונפט. נאָר דערביי האָט ער אויך געשפּירט אַ וועהטאָג אין האַרצען פון דעם, וואָס ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס וועט קומען

א צייט און א פרעמדער וועט פלוצלינג קומען און איהם זיין טאָכטער צונעהמען. די נשמה זיינע וואָלט ער פאַר איהר אוועקגעגעבען, אָבער צו דעם געדאַנק, אַז נעמי וועט אַ אַנדערן ליעב האָבען — האָט ער זיך נישט געקענט געוועהנען.

נעמי האָט דערווייל געפיהרט אַ גליקליך לעבען, און ווען די זכרונות פון טעטוען האָבען זי אַביסיל טרויריג געמאַכט, האָט זי באַלד אין זיי פערגעסען ביי דער וועלט, וואָס איז פאַר איהר געוועזען פול מיט נסים און וואונדער.

דאָך האָט זי זיך אַ מאָל אויפגעהאַפּט פון שלאָף זעהר דערשראָקען און האָט דערצעהלט איהר פאָטער אַז ביי נאַכט האָט מען זי אַוועקגעפיהרט זעהר ווייט — זי געדענקט נישט ווי און ווען — נור דאָס ווייס זי, אַז זי איז געוועזען אין אַ גרויסען פאַלאַץ, וואו עס זענען געוועזען אויסגעשטעלט מענשען אין רויטע און ווייסע מלבושים, ברייטע קאַפּטאַנעס. אם בעסטען האָט זי געזעהען אַ אַלטען אין מלבושים, וואָס האָבען געבלאַנקט ווי דער הימעל. ווען די זון געהט אונטער, מיט ארמעל ווי גלאָקען; ביי'ן ארמעל האָט געבלאַנקט אַ פערבלוטיגט מעסער און ביים האַלז האָבען געהאָנגען לעדערנע בייטעליך אויף געלבע שנירליך. געבען דעם מענש איז געזעסען אַ פרוי מיט אַ שרעקליך שמייכעלדיג פּנים; און זי, נעמי אַליין — דער פאָטער איז מיט איהר נישט געוועזען — איז געשטאַנען אין מיטען און אַלע האָבען אויף איהר געקוקט. זי געדענקט נישט, וואָס ווייטער איז מיט איהר געוועזען, וואָרום פלוצלינג איז פינסטער געוואָרען, און דאַמאָלס האָט מען זי אַודאי אַהיים געטראָגען, וואָרום עפענענדיג די אויגען, האָט זי געזעהען, אַז זי איז אין איהר בעט, נעבען איהר שטעהט איהר פאָטער און ווי געוועהנליך, קושט ער איהרע ברעמען, און אויף דעם הויף שיינט די זון, פייגעל זינגען, און אַלעס זעהט אויס פונקט אַזוי ווי אלע מאָל, ווי זי וואָלט אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפען און אין דער פריה זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

— דאָס איז געוועזען אַ חלום — האָט ישראל געזאָגט און זיך געוואונדערט ווי אין איהר קאָפּ איז געבליבען דאָס אויסזעהען פון דעם קאַיד'ס פאַלאַץ אין טעטוען, וועלכען זי האָט געזעהען, ווען זי האָט נור וואָס אויפגעהערט בלינד צו זיין.

א חלום! — האָט זי זיך געשפּאַרט — ניין, ניין! איך האָב דאָס געזעהען!

ישראל האָט זיך בעמיהט זי צו בערוהיגען, ווי ווייט ער האָט געקענט, נאָר אין האַרצען האָט ער זיך געקלערט:

— זי הויבט אָן צו לעבען, ווען זי איז שוין ערוואַקסען, דעריבער איז איהר שווער אַלץ צו פערשטעהן.

פון דאַמאָלס אָן האָט ער זי נעהיט ווי זי וואָלט טאַקי געוועזען אַ קליין קינד, וואָס הויבט ערשט אָן צו לעבען. אַ מאָל האָט ער דערזעהען, ווי זי שטעהט אויף דעם וועג און שמועסט מיט איינעם, וועלכען ער האָט געקענט אַלס דעם פערשייטסטען אויסגעלאַסענסטען אין טעטוען. אָהן שלייער אויף דעם פּנים, פריי און זיכער, קוקענדיג אויף דעם פרעמדען מיט איהרע טויבען־אויגען, האָט זי מיט קינדיש־אונשולדינקייט געענטפערט אויף עזות'דיגע פראַגען.

אין איין רגע איז ישראל געשטאנען צווישען זיי און האסטיג האפענדיג נעמ׳ן ביי דער האנד, האט ער זי אהיים געפיהרט.

דערנאך ביי נאכט, בשעת נעמי האט געוויינט פון צער, וואס זי האט געהאט, ווייל איהר פאטער האט זיך אויף איהר געבייזערט, האט ישראל הייס, מיט טרעהרען נאט געבעטען:

— רבונו של עולם! ווען נעמי איז געוועזען טוב, שטום און בלינד, איז זי אין קיין סכנה נישט געוועזען, ווארום אויף א קאלעקע וואלט קיינער נישט דרייסט געוועזען זיך צו ווארפען. איצט אבער איז זי אויפגעוואקסען און איז אין געפאהר, ווייל זי איז שען און די מענשען זענען שלעכט. גיב מיר, א גאט, געזונד און לעבען אום איך זאל אלע מאל קענען זיין נעבען איהר און היטען איהר אונשולדיגקייט. ערלויב נישט, אז זי זאל זיין אהן מיר, ווייל זי קען נישט אונטערשיידען גוטס פון שלעכטס. גיב מיר אריכות ימים נעבען איהר, רבונו של עולם! — דאס איז מיין לעצטע בקשה, מעהר פערלאנג איך נישט.

נאט האט אבער די תפלה נישט אנגענומען, צו מארגענס אין דער פריה זענען געקומען זעלנער פון טעטוען און אין נאמען פון קאיד האבען זיי איהם גענומען אין תפיסה אריין.

איינער פון אבשלום׳ס חברים, וואס איז פריי געווארען דורך עלי׳ן איז, צוריקקומענדיג קיין טעטוען, געלאפען צו ישראל׳ס הויז און זיך געווארפען אויף דער ערד, אום צו ווייזען זיין דאנקבארקייט. אזוי ארום איז דער קאיד געוואהר געווארען פון דער בעפרייאונג.

---

## XV.

דריי חדשים איז ערשט פאריבער, זייט אבשלום׳ס אונגליקליכע חברים זענען פריי געווארען פון דער תפיסה אין שאווען, און דארט זענען שוין געוועזען נייע קרבנות. די שטאדט שאווען איז געוועזען גאנץ אבגעזונדערט, און צו צוקומען צו דער תפיסה איז זעהר שווער געוועזען, דעריבער האבען פיעל קאידען דארט אהין געשיקט זייערע געפאנגענע. אז איינער איז דארט געזעסען, האבען זיי פון זיינע קרובים געקענט נעהמען מעהר אויסקויפגעלד, ווייל מען האט געוואוסט. אז אין יענע תפיסה לײדען די געפאנגענע מעהר צרות ווי אנדערש וואו.

אין דער תפיסה אריין האט מען געפיהרט אויך ישראל׳ן, וועלכען מען האט פלוצלינג אוועקגעריסען פון נעמי׳ן.

— זאל דער הונד פרעסען די ביינער, וואס ער האט נישט געוואלט, אז זיינע געליעבטע זאלען עסען! — האט בן־אבו מיט געלאכטער געזאגט, בשעת ער האט געהתמ׳עט דעם בעפעהל, ישראל׳ן צו זעצען אין דער תפיסה אין שאווען.

די זון האט העל בעליכטעט די שמוציגע מויערען פון דער תפיסה. בשעת ישראל האט זיך קוים אויף דעם צווייטען טאג צוגעשלעפט צו דער טהיר פון דער תפיסה, אויף א שטרויזאק, וואס האט ביי טאג געדינט פאר א שטוהל און ביי נאכט פאר־

א בעט, איז געזעסען דער וועכטער און געשפּיעלט אויף א דזינברי *) אויף דער וואַנד זענען געהאַנגען לעדערנע פּאַסען צו שלאָגען די, וואָס זיצען אין דער תפיסה. און אין ווינקעל איז געשטאַנען אַ ביקס.

בשעת ישראל איז אָנגעקומען, האָט דער וועכטער געהאַלטען א געשפּרעך מיט א סטראַזשניק.

— צו וואָס זאָל דיר די דזינברי? — האָט דער סטראַזשניק געפּרעגט — צי לערנסט דו דיך צו שפּיעלען אין גיהינום?

— וואָס דען זאָל איך טהון, ווען די פערמאַכטע הינד ווייַנען? — האָט דער וועכטער געענטפערט — זאָל איך לערנען די לעדערנע פּאַסען אויסגערבען די הינדס פעל? זיי קענען שוין אַזוי אויך גוט זייער מלאכה...

אַ בונד שליסלען האָט אַ קלונג געטהון, די שווערע טהיר האָט געסקריפּעט. ישראל איז אַריין, די טהיר האָט זיך אונטער איהם פערהאַקט, די טריט פון די סטראַזשניקעס זענען שטיל געוואָרען און די דזינברי האָט זיך ווידער געלאָזט הערען.

אין דער תפיסה איז געווען פינסטער און אַ פערטויבענד גערויש. א חדר, זעכצינ פוס לאַנג און דרייסיג ברייט, האָט זיך געהאַלטען אויף פערפּוילטע זיילען, ליכט איז אַריינגעקומען נור דורך עטליכע לעכער אין די מויערען, די ווענד נאַס, אויף דער ערד אַ זומפּ — דאָס איז געווען די תפיסה, כמעט אַלע, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען, זענען געווען געשמידט אין קייטען, מאַנכע זענען אויך געווען צוגעשמידט צו די זיילען. אין איין זייט זענען געשטאַנען און געשמועסט, מאַכענ־דיג ווילדע תנועות, עטליכע שעריפען פון וואַצען, אין דער צווייטער זייט זענען גע־זעסען יודען פון פעץ און מיט פערמאַטערטע הענד געפּלאַטען קערב פון פּאַלמענ־בלעטער, אין ווינקעל זענען געזעסען פיער בערבערען און געשפּיעלט אין קאָרטען און צוויי אַראַבער, וואָס זענען געווען צוגעשמידט צו אַ זייל, האָבען געשפּיעלט שאַך, פון די וואָס האָבען געשפּיעלט, האָט מען געהערט ווילדע געשרייען, לאַכען און קללות.

— אויך מיר אַ שפּיעלער!

— און דו קענסט אודאי בעסער!

— מיט דיין שפּיעלען ביסט דו אַזוי ווי יענער וואָס האָט געהר׳געט אַ הונד און אַליין איז ער אין וואַסער אַריינגעפאַלען!

— איך וועל דיר ווייזען וואָס דאָס הייסט חוזק מאַכען!

— אללאה! איך וועל דיר די באָרד אויסרייסען!

- ביי אַ לאָך וואָס האָט אַביסיל ליכטיגקייט אַריינגעלאָזט אין דעם פינסטערען חדר האָט אַ פעלדשער בלוט געלאָזט אַ יונגען מאַן. אין אַנדער זייט איז געשטאַנען אַ מהמעדאַנישער היילינער מיט ווילדע בליקען, וואָס האָט זיך געשאָקעלט אויף אַלע זייטען און געשריען:

— אללאה! אלל־לאה! אלל־ל־לאה!

*) דזינברי — אַ מין אינסטרומענט צום שפּיעלען.

נישט ווייט פון איהם איז געשטאַנען אַ אלטער, און שפּרינגענדיג האָט ער געזוגגען תפלות.

אַזוי האָט אויסגעזעהען די תפיסה, ווען ישראל איז אַריינגעקומען. דערזעהענדיג איהם, זענען אַלע שטיל געבליבען. זיי האָבען איהם געקענט און דעריבער זענען זיי ערשטוינט געוואָרען.

ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, געגאַנגען פאַר זיך; אַנידערגעשטעלט, געזוכט אין דער פינסטערניש אַ שטרויזאַק, ביז ער איז אין אונמאַכט געפאַלען אויף דער ערד נעבען אַ פּערפּוילטען זייל.

אַ יונגער מויר איז צוגעשפּרינגען צו איהם און איהם דערלאַנגט אַ שטיק ברויט.

— דו ביסט הונגעריג, ברודער? ניין? — האָט ער געפּרעגט — מאַך דיר קוראזש, ערלויב נישט, אַז דער אייזעל זאָל דיר פאָהרען איבער דעם קאָפּ!

דער יונגער מאַן איז געוועזען דער לץ פון דער קאָמפּאניע. ער האָט קיינמאָל מעהר נישט פערמאָגט, ווי די פרייהייט, און ווען ער האָט דאָס אויך פערלאָרען, האָט ער זיך נישט געזאָרגט, נאָר שטענדיג ליצנות געמאַכט, געלאַכט און אין שלעכטע גראַמען בעזונגען יעדעס אונגליק פון זיינע חברים. איף זיך אַליין האָט ער אויך געמאַכט אַ ליעד.

על־ארבי איז זיך געוועזען אַ מויריל אין אַ הוט
און גוט איז איהם געגאַנגען אויף דער וועלט,
מיט ווייבליך אין פאלאַץ האָט ער געלעבט זעהר גוט
און פאַנטאָפעל אין מעטשעט געגנב'עט ווי אַ העלד.

ישראל איז געוועזען ווי צומישט. זייט מען האָט איהם אַרעסטירט, האָט ער נאָך איין וואָרט נישט גערעדט, נור ווען ער האָט זיך געזעגענט מיט נעמי'ן, האָט ער איהר געזאָגט:

— בלייב דאָ און ריהר זיך פון דאַנען נישט אַרויס! מען זאָל דיר אפילו זאָגען גאָט ווייס וואָס, זאָלסט דו דאָ בלייבען! איך וועל צוריק קומען!

פון דאַמאָלס אָן איז ער געוועזען ווי שטים. קללות און יסורים האָבען פון איהם קיין וואָרט, קיין קללה, קיין געשריי נישט אַרויסגעצויגען. ער איז געגאַנגען מיט טרויריגער שטילקייט און האָט אפילו נישט געקוקט איף זיינע מעדער. דעם גאַנצען וועג האָט ער גאָר נישט געגעסען.

אין שאַוען, ווי אין אַלע אַנדערע ערטער אין מאַראָקאָ, האָבען קרובים און גוטע פריינד געבראַכט די אַרעסטאַנטען עסען, אויך אין דעם טאָג, וואָס ישראל איז אָנגעקומען, זענען געקומען פרויען און קינדער מיט עסענוואַרג. אין דער פינסטערניש פון דער תפיסה זענען געוועזען ווילדע שרעקליכע סצענעס. די אַרעסטאַנטען האָבען מיט אונגעדולד געזוכט צווישען די, וואָס זענען געקומען, ווילענדיג ניך געפינען זייערע ווייבער, זיהן און טעכטער, די, וואָס האָבען זייערע קרובים געפונען, האָבען ווילד אַרויסגעשריען:

— געלויבט איז גאָט!

— זי איז דאָ!

— דאָ, דאָ איז ער!

די, וואָס האָבען זייערע פריינד נישט געפונען, האָבען ביטער געיאָמערט און געקלאָגט.

— מיין זולימאַ: פאַר וואָס איז זי נישט געקומען? אַ קללה אויף איהר מוטער! פאַר וואָס איז זי נישט דאָ?

אַנדערע וואָס זענען געוואָהר געוואָרען, אַז זייערע שפּיזער זענען געשטאָרבען האָבען נאָך ביטערער געוויינט.

— זי איז געשטאָרבען, זאָגסט דו?

— זי איז געשטאָרבען!

— ניין, ניין! דאָס קען נישט זיין!

— יאָ, זי איז יענע וואָך געשטאָרבען! זאָלסט דו חאָטש נישט שטאַרבען! בּעם דיר ברויט!

אַנדערע האָבען זיך געפרעגט אויף קינדער.

— וואו איז דער קליינער דעלים?

— ער בעטעלט אין טעטואַן!

— מיין אָרים קינד נעביך! און וואָס מאַכט די שענע מְבָרְכָה?

— נעביך, זי איז פּראָסטיטוטקע — ישילט זי נישט — זי האָט נעביך גער־מוזט — וואָס האָבען מיר געקענט טהון מיט הונגעריגע קינדער? און פון דיינעט־וועגען האָב איך אויך גאָר נישט געהאָט.

— איך וויל דאָס נישט עסען, איך וויל נישט! מיין זוהן אַ בעטלער, די טאָכטער אַ פּראָסטיטוטקע! גרויסער אללאה! זאָל אַ פייער פון גיהינום פאַרברענען דעם קאַיד, וואָס האַלט מיך דאָ!

אין אַ זייט איז געזעסען אַ יונגער מויר פון טאַנזשיר און געגעסען רייז פון זיין שענער, יונגע פרוי'ס שירץ.

— מיין טהייערע, דו ווערסט אודאי אין גיכען ווידערקומען? — האָט ער איהר געזאָגט, קוקענדיג איהר אין די אויגען.

— זי האָט זיך די אויגען געריסען און געזיפצט.

— ניין... דאָס הייסט... יאָ, גוט.

— וואָס איז דיר?

— עלי, איך מוז דיר זאָגען...

— וואָס? וואָס איז געשעהן?

— דער אלטער זאַגורי זאָגט, אַז איך מוז מיט איהם חתונה האָבען; אויב נישט, וועלען מיר ביידע פון הונגער שטאַרבען!

— און דו, אללאה! און דו?

— קוק נישט אַזוי אויף מיר, עלי, איך לייד הונגער, איך... איך... זאָל מיט מיר זיין גאָט וויים וואָס, וועל איך קיינעם אויסער דיך נישט ליעבען!

— פערשאָלטען זאָל זיין זאַגורי! פערשאָלטען זאָלסט דו זיין! פערשאָלטען זאָל זיין די גאַנצע וועלט!

צו ישראל׳ן איז קיינער מיט עסענוואַרג נישט געקומען, נור על-ארבי איז צו איהם צוגעגאַנגען און איהם געגעבען ברויט.

— דו, מיין הער, ברויכסט גאָר נישט פּונקט אַזוי ווי איך — האָט ער געזאָגט צו ישראל׳ן און דערביי געמאַכט אַ תנועה, וואָס האָט געוויזען, אַז בשעת זיינע חברים שלאָפען נעמט ער ארוים פון זייערע זעק עסענוואַרג.

— ניין? דו ווילסט נישט? דו פאַסט נאָך אַלין? האָט ער ווייטער געפרעגט און אַוועקגעשפּרונגען פון איהם.

דאָס אַלעס האָט ישראל געשפּירט נור ווי אין שלאָף. אין דער תפיסה איז ער ווי פערשטיינערט געוואָרען, נאָר טהייל מאָל האָט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט נעבען דעם פענסטער-פּוילטען זייל, זיך אומגעקוקט, ער האָט אבער נאָר נישט געזעהען.

מאַנכעס מאָל האָט ער אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט עפּיס אונטערגעהאָרכט; ער האָט אָבער גאָר נישט געהערט. אַזוי איז איהם פאַריבער אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ נאַכט נאָך אַ נאַכט. כמעט אהן שלאָף און אָהן עסען, ווי ער וואָלט אויף עפּיס געוואַרט, געוואַרט און געוואַרט.

כמעט יעדען טאג זענען צוגעקומען אַרעסטאַנטען. ישראל פלעגט דערביי עטוואָס לעבעדיגער ווערען, אַלע פלעגט ער גלייך פרעגען:

— פון וואַנען?

אַז מען האָט איהם געענטפערט פון פעץ, וואַצען, טאַנזשיר, אָדער מאַקינעץ, האָט ער זיך שטילערהייט אויסגעדרעהט און ווייטער נישט געהאָרכט, וואָס זיי דערצעהלען.

מאַנכעס מאָל זענען געקומען אויסלענדער פון אייראָפּא אָנקוקען די אַרעסטאַנטען דורך דאָס לאָך אין דער טהיר פון דער תפיסה. די יודען, וואָס האָבען געפלאָכטען קערב, האָבען זייער אַרבייט אויסגעשטעלט צום פערקויפען, און ישראל איז געוועזען צווישען זיי דער פערמיטלער, ווייל ער האָט פון זיי געוואָלט עפּיס געוואהר ווערען.

— פון וואַנען? — האָט ער יעדען בעזונדער געפרעגט אויף ענגליש, פראַנצויזיש שפּאַניש, אָדער מויריש. מאַנכע האָבען איהם דערקענט, נאָר ער האָט זיך דערפון נישט געמאַכט. קיין ענטפער האָט איהם אַדאי נישט בערוהיגט. וואָרום נאָך יעדען מאָל איז ער מיט שווערע זיפצען געפאַלען אויף זיין אָרט נעבען דעם פערפּוילטען זייל.

אַזוי זענען פאַריבער עטליכע וואָכען. ישראל׳ס פּנים איז זעהר געענדערט געוואָרען, עס איז איהם שוין שווער געוועזען צו דערקענען. זיינע חברים אין דער תפיסה האָבען אויף איהם אויף זייער פּראָסטען אופן אָנגעהויבען צו לייגען כבוד. ווען ער איז אָנגעקומען, האָבען זיי איהם בעגעגנט מיט געלעכטער און ליצנות ווי אַלע אַנדערע, נאָר די גרויסע שמערצען, וואָס האָבען זיך געוויזען אויף זיין פּנים, האָט זייערע האַרטע הערצער ווייך געמאַכט. זיי האָבען געזעהען, אַז זיי האָבען פאַר זיך אַ גרויסען מאַן, וואָס איז נידריג געפאַלען, מען האָט איהם גאָר נישט איבערגעלאָזט, קיין שטיקיל ברויט, קיין טראָפּען וואַסער. זיי האָבען זיך פערזאַמעלט נעבען איהם און איהם געשענקט זייערע מאכלים. זיי האָבען פאַר איהם אַנידערגעלעגט אַלעס, וואָס זיי האָבען

געהאט, און זיי האבען געבעטען, אז ער זאל אלע טאג דאס עסענוואַרג אויסטהיילען און זאל דערפון אליין אויך עסען. ער איז א הערר, א עהרליכער מאן, קיינער וועט נישט דרייסט זיין ביי איהם צו גנב'נען און דאס עסענוואַרג וועט קלעקען אויף א לאַנגע צייט.

די ניי אנגעקומענע אַרעסטאַנטען האט ער נאך נישט אויפגעהערט זיין פראגע צו פרעגען, אמאל האט ער דערקענט אין די נייע אַרעסטאַנטען, אַז זיי זענען פון טעטוען, און ער האט האסטיג געפרעגט:

— ווען... זענט איהר... צי זענט איהר געוועזען...

ער האט פון אויפרעגונג נישט געקענט ענדיגען, נאר די טעטוענער האבען פערשטאַנען, וואס ער וויל פרעגען און איינער האט געענטפערט:

— ניין!

-- און איך אויך נישט! — האט דער צווייטער געזאגט.

- איך אויך נישט! — האט יעדער בעזונדער געענטפערט אויף ישראל'ס פרעגענדיגע בליקען.

ער האט זיך אויסגעדרעהט, אנידערגעזעצט אונטער דעם דייל און געקוקט פאר זיך. די ניי אנגעקומענע האבען דערצעהלט, וואס עס טהוט זיך אין טעטיען. בן־אבו איז א רשע, א אכזר, זיין ווייב איז א נידעריגטרעכטיגע מרשעת, א אויסגעלאסענע, אין דער שטאדט איז ערגער ווי אין סדום און עמורה. קיין שענע פרוי טאר זיך אויף א דאך נישט ווייזען. זייערע ווייבער האט מען גענומען אין קאיד'ס פאלאץ אריין און זיי האט מען דעריבער פערשיקט אין דער תפיסה.

א חדש נאך ישראל'ס אנקומען אין דער תפיסה האט זיין מוח אנגעהויבען מבולבל צו ווערען, און זעהענדיג וואס מיט איהם ווערט, האט ער זיך בעמיהט מיט אלע כהות זיך נישט אַזוי אַראָבצולאָזען. איין מאל האט ער זיך ווילד אויפגעהאפט פון זיין אָרט, געווארפען מיט די הענד און פון מויל זענען איהם קללות געפלויגען, ער האט זיך אָבער גיך איינגעהאלטען, אראבגעלאזט דעם קאפ ווי פון בושה און צו זיך זעלבסט געזאָגט:

— ניין, ניין, ישראל! ניין, ניין, ניין!

פון טעטוען זענען געקומען אנדערע אַרעסטאַנטען, וואס האבען דערצעהלט שרעקליכע מעשיות פון דעם קאיד. ישראל האט אַלעס אויסגעהערט און כמעט נישט פערשטאַנען, וואס זיי דערצעהלען. איין פריה־מארגען, ווען א בלאנק פון דער זון האט אויפגעוועקט די אונגליקליכע אין דער תפיסה, האבען אלע אַרעסטאַנטען דערזעהען א גרויס ענדערונג אין ישראל'ן זיין פנים. וואס איז נאך פריהער געוועזען דאר, איז דאמאלס געוועזען פערוועלקט און שרעקליך אלט. זיינע שווארצע האָר, וואס נור עטליכע פון זיי זענען פריהער גרוי געוועזען, זענען געווארען אין גאנצען ווייס ווי שניי, זיין לאַנגע שוואַרצע באָרד איז אויך געווארען ווייס אין צערפלאסען. נור די אויגען האבען איהם געבלאנקט אין די ווייסע ציהן האָבען געשלימערט אין אפענעם מויל, ער האט געלאַכט אהן אנ'אויפהער; דאס לאכען איז נישט געוועזען ווילד אָדער פון ליצנות, נור ווי פון גליק אין צופרידענהייט.

ישראל איז געוועזען משוגע, און דער שגעון האָט ערוועקט טיעף רחמנות. עס האָט זיך איהם גערדאַכט, אַז ער איז ווידער אין דער היים אין רייך ווי פריהער, אָבער אויך גוט און איידעל, ווי אין דער לעצטער צייט. מיט נדיבות האָט ער צוטהיילט מתנות;

— נעמט, וואס איהר דאַרפט! עסט, טרינקט, שפּאָרט נישט! עס וועט מיר נאָך גענוג בלייבען, גאָט האָט מיר געגעבען פאַר אַלע גענוג!

מיט די ווערטער האָט ער צוטהיילט יעדען טאָג דאָס עסעניוואַרג און יעדען געגעבען דעם טיטול: „העררי".

פון דאַמאָלס אָן האָט ער געהאַט די אַרעסטאַנטען פאַר זיינע געסט און ווען עס זענען אנגעקומען נייע, איז ער זיי אנטקעגען נעגאַנגען צו דער טהיר, ווי ער וואָלט געוועזען דער בעל-בית און זיי — זיינע פריינד, וואָס קומען איהם בעזוכען.

— שלום עליכם! שלום עליכם! — האָט ער זיי מקבל פנים געוועזען מיט אַ שמייכעל — זייט ווי ביי זיך אין דער היים! אַלעס איז פאַר אייערט וועגען!...

קוקענדיג אויף איהם, האָבען די אַרעסטאַנטען וועניגער געפיהלט זייערע אייגענע צרות און האָבען זיך די קעפּ געבראָכען, אים צו דערגעהען, וואָס פאַר יסורים האָבען איהם געקענט ברענגען צו אַזאַ שטאַנד. דער רוב האָט געזאָגט, אַז ער איז משוגע געוואָרען, ווייל ער האָט זעהר בעדויערט זיין פריהערדיגע גרויסקייט.

אַ מאָל איז ווידער אנגעקומען אַ אַרעסטאַנט פון טעטועץ און דערצעהלט פון בן-אבו'ס שרעקליכע אכזריות און פון די אונגליקליכע איינוואהנער פון דער שטאָדט. וואס בעדויערען ישראל'ן און זיין מזל. די אַרעסטאַנטען האָבען דעם נייעם אַרעס־טאַנט צוגעפיהרט צו ישראל'ן, כדי ער זאָל פאַר איהם דאָס אַלעס דערצעהלען.

ישראל האָט פונקט צוטהיילט דאס עסענוואַרג, ווען דער טעטוענער איז צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— ישראל בן עליאל! אַלע איינוואהנער פון טעטועץ בעדויערען דיך און בעטען גאָט, אַז דו זאָלסט באַלד צו זיי צוריק קומען. אין מעטשעטען, שולען און אויף די גאַסען הערט מען נור איין געשריי: ישראל בן עליאל! ישראל בן עליאל! וועה אונז, וואס מיר האָבען געגען איהם אַזוי שלעכט געהאַנדעלט! דו ביסט געוועזען אונזער פאָטער!

אומזיסט! די ערצעהלונג האָט אויף איהם קיין איינדרוק נישט געמאַכט. די שוואַרצע זייט פון ישראל'ס לעבען וואו עס איז פערשריבען געוועזען מענשענס אונ־דאַנקבאַרקייט, איז אויסגעמעקט געוואָרען פון זיין זכרון. ער האָט זיך צולאַכט. וואס מיינען זיינע גוטע פריינד? צי איז ער נישט רייך? צי נעמט ער נישט גוט צו זיינע געסט?

די אַרעסטאַנטען זענען פון איהם אַוועקגעגאַנגען, זעהענדיג, אַז זיי קענען איהם גאַר נישט העלפען, זיי האָבען קיין עצה נישט. מיט וואס זיינע געפיהלען צו דער־וועקען, נור על-ארבי איז געפאַלען אויף אַ נייע המצאה.

— איהר אַלע ווייסט נישט — האָט ער געזאָגט צו זיינע חברים — ער קלערט גאַר נישט פון זיין פערגאַנגענהייט. איך פערשטעה, הערט נור זיין לאַכען, מען מוז

מאכען, אז ער זאָל וויינען, אויב נישט איז ער פּערפּאלען, איך וועל מיר שוין מיט איהם אַ עצה געבען!

אין אָוועגד, ווען אלע ארעסטאנטען האבען פון זיך אראָבגענומען די בוימ־וואָלענע מלבושים און זיך געלעגט שלאָפען האָט זיך על־ארבי אנידערגעזעצט געבען ישראל'ן און ביטער געזיפּצט.

— מיין העדר! — האט ער געקרעכצט — איך האב געהאט אַ בלינדען ברודער. ער איז געבא־ען געוואָ־ען בלינד. ער איז געוועזען מיין מוטער'ס אַ זוהן, דו קענסט גאָר נישט- גלויבען ווי גליקליך ער איז געוועזען! ווייסט דו, מיין העדר, ער האט קיינמאל גאָר נישט פּע־לאנגט, און זיין פנימ'ל האט אַלע מאָל געשמייכעלט ווי אַ שיינענדיג טייכיל. איך האב איהם ליעבער געהאט ווי די גאנצע וועלט. ער איז אַלט געוועזען זעקס יאהר, און איך בין אַכטצעהן יאָהר אַלט געוועזען, ער איז געפּאהרען אויף מיינע אַקסעל ווי אויף אַ פּערד. ער האט געהאט שוואַרצע לאָקען און גרויסע אויגען, וואָס האבען גע־קוקט, גלייך ווי זיי וואָלטען געזעהען און עס איז גע־קומען אַ פּעלדשער אַ קללה אויף זיין עלטער זיידען! און האט איהם בלוט גע־לאָזט, און ער איז זעהענדיג געוואָרען, זעהענדיג אויף אַ מינוט – אויף אַ האַלבע מינוט! „אה, על־אר־בי“— האט ער געקרעכצט — איך האב איהם געהאלטען — און דערנאך — דערנאך — „על־ארבי“— שוואך ווי א שעפּעלע, וואס איז פּ־ר־בלאנדזעט אין בערג, און דערנאך — דע־נאך — „אה, על־ארבי...“ און ער האט שוין נישט געלעבט. אה, איך האב בעצאהלט דעם פּעלדשער. אה, איך האב איהם בעצאהלט!... און דעריבער בין איך דא! אין דער תפיסה!

ער האט געענדיגט מיט אַ ביטע־ קול און פון זיינע אויגען האבען גערונען ט־עהרען אויף ישראל'ס הענד.

דער איינדרוק איז געוועזען שרעקליך. ישראל, הערענדיג דעם מויר'ס מעשה, האט זיך אנגעשפּא־ט אויף זיין עלענבויגען און יעדע מינוט זיך אַ קלאַפּ געטהון אין שטערן.

— ווען? וואס? נעמי!— האט ער געמורמעלט, ווי ער וואלט זיך עפּיס דער־מאנט. און ווען על־ארבי האט געענדיגט, האט ער איהם בעשאטען מיט מוסר:

— און דו וויינסט? דאס קינד איז געשטארבען — ברוך דין אמת! דער טויט איז אזא גרויס אונגליק? איהר זענט אלע אזוינע. קוק אבער אויף מיר!

אין זיין קול האט געקלונגען אַ מין גאוה פון זיינע יסורים.

— קוק אויף מיר! — האט ער ווייטער געזאָגט – איך וויין? איך וואלט זיך גע־מיאוס'ט מיט זיך זעלבסט. ווען איך וואלט אזוי געפּאלען, אז איך וואלט געוויינט, האטש טויזענדער אונגליקען זענען אויף מיר געקומען. הער אויס! א מאל בין איך געוועזען רייך. נאָר וואס פּאר א ווערט האט עשירות אהן קינדער? ווי הארט ברויט אהן וואסער צו דערזוייקען. האב איך געבעטען גאט און עד האט מיר געגעבען א טאכטער, זי איז אבער געוועזען בלינד, טויב און שטום. האב איך גאט געבעטען, אז ער זאָל ביי מיר צונעהמען אַלעס, וואָס איך פּערמאָג, און זאָל איהר געבען מאכט צו הערען, און גאָט האָט איהר געגעבען כח צו הע־ען. גאָט האָט מיר דערנאָך גע־

האלפען, זי האט אויך נעקענט רעדען און זעהען. און מיך האט מען ארויסגעטריבען ארים פון דער שטאדט. נו, גאר נישט. איך בין אזוי אויך גליקליך געוועזען. מיין טאכטער איז געוועזען נעבען מיר. זי האט געקענט זעהען, רעדען און הערען; מעהר האט מיר צום גליק נישט געפעהלט. האט מיך אבער גאט פון איהר אבגעריסען. און וואו איז זי איצט? ווייט פון מיר, איינע אליין, עלענד, א שוואך קינד צווישען מענשען ווי ווילדע חיות. און וואו בין איך? ווי א חיה אין נעץ, אהן ציינער, משוגע. ניין, ניין, נישט משוגע! זאג מיר, מיין טהייערער, אז איך בין נישט משוגע!

ער האט מלחמה געהאלטען מיט דעם שגעון ווי איינער, וואס טרענקט אין ים, האלט מלחמה מיט די חוואליעס וואסער.

— אין דאך ווין איך נישט! — האט ער געשריען מיט א קול, וואס איז געוועזען דורכגענומען מיט טרעהרען — גאט מעג טהון וואס ער וויל. גאט האט מיר גענעבען די טאכטער אויף זיעבצעהן יאהר, און אויב זי וועט באלד שטארבען, וועט זי ווידער מיין זיין. אויב זי וועט אבער לעבען... אויב זי וועט אריינפאלען אין רשעים'ס הענד...... זאג מיר, צי בין איך געוועזען משוגע?

ער האט נישט איבערגעלאזט קיין צייט אויף תשובה.

— נעמי! — האט ער געשריען מיט א שרעקליך קול — וואו ביסט דו איצט? וואס... קלערט דיין פאטער איבער דיר?... ער איז... ניין, איך וועל נישט וויינען. זעהסט דו, איך האב וואס צו וויינען, נאר איך וועל נישט וויינען! גאט מעג טהון... נעמי... נע...

דאס שלוכצען האט איהם די קעהל געשטיקט. פלוצלינג האט ער זיך אויפגעהאפט און מיט א שרעקליך קול געשריען:

— איך בין א נאר! גאט האט מיר קיין שום טובה נישט געטהון! פאר וואס זאל איך אין גאטס וועגען געהן? ער האט פון מיר צוגענומען אלץ, וואס איך האב געהאט. ער האט מיר מיין קינד צוגענומען! ער קען מיר שוין גאר נישט צונעהמען היין דאס לעבען. זאל ער זיך דאס לעבען אויך צוגעהמען! נעם צו מיין לעבען! איך בעט דיך! מאך מיך פריי! — האט ער שרעקליך הויך געשריען און דאס ווידער-קול האט איהם נאך העכער נאכגעשריען.

באלד דערנאך איז ער אנידערגעפאלען אויף דער ערד און געשלוכצט ווי א קליין קינד. די ארעסטאנטען האבען זיך איפגעהאפט מיט שרעק, און על-ארבי, גיסענדיג מיט הייסע טרעהרען, האט זיך אונטערגעטאנצט און געזונגען:

„על-ארבי איז זיך געוועזען א מוהיל אין א הוט"...

פון דער טהיר האט מען געהער'ט א געקלאנג פון שליסלען, און אין דער תפיסה האט זיך א ליכטיגקייט געוויזען. דער וועכטער האט אריינגעפיהרט א לויפער, וואס האט געבראכט ישראל'ן א דעקרעט. אז ער איז פריי. דער סולטאן עבד-ער-רחמן איז געקומען קיין טעטואן, אום דארט אבצוהאלטען דעם יום-טוב פון נביא'ס געבורטסטאג און צום אנדענקונג האט דער קאיד ישראל'ן בעפרייט.

ווי ברענענדיגע קוילען וואלטען זיך געשאטען אויף ישראל'ס קאפ. אזוי איז ער דערהיצט געווארען פון דער בשורה.

— גאָט איז גוט — האָט ער געמורמעלט — איך וועל זי ווידער זעהען. יאָ, גאָט מעג טהון, וואָס ער וויל. אין קורצען וועל איך זי זעהען. גאָט איז קלוג ער פֿון אלע הכמים! איך קען נישט וואַרטען. וועכטער, צי קען איך נאָך די נאַכט אַרויס פֿון דער שטאדט? איך מוז מיך איילען! די נאַכט? יאָ, די נאַכט. באלד! דיטהוירען זענען אָפֿען? ניין? דו וועסט זיי עפֿענען? דו ביסט אַ זעהר גוטער! אלע זענען זעהר גוטע! גאָט איז גוט! גאָט איז מעכטיג!

דערנאָך האָט ער ווידער אָנגעהויבען צו רעדען רוהיג, שטילער:

אז אַ מענש פֿערלירט אַ קינד ווערט ער אַ נאַר. אז אַ קינד שטאַרבט, פֿערגעסט מען, אָבער צו פֿערלירען אַ לעבעדיג קינד — איז שרעקליך, נישט איבערצוהאלטען! איהר קענט נאָר נישט וויסען, ווי גליקליך מיר זענען געוועזען! זי איז געוועזען מיין שמחה, מיין נחת, איהר קול איז געוועזען ווי מוזיק... אַזוי ליעב האָב איך געהאַט די קליינע!... אז איך האָב זי נישט געזעהען עטליכע שעה, בין איך געוועזען אונגליקליך. און איצט זיין פֿון איהר אַזוי לאַנג ווייט!... נאָר איך מוז מיך איילען! די קליינע וואַרט דאָרט אויף מיר! איך ווייס, יאָ! זי וואַרט! אלע אין דער פֿריה ווען זי חאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף, שטעהט זי אויף דער שוועל, קוקט אַרויס און וואַרט. איך מוז זי דערפֿרייען! יאָ, יאָ, איך מוז!

די אַרעסטאַנטען זענען געשטאַנען אַרום איהם און געהאָרכט, וואָס ער זאָגט.

— זייט געזונד, ברידער — האָט ער אַ געשריי געטהון, צוגעהענדיג צו דער טהיר, און יעדער אַרעסטאַנט בעזונדער האָט איהם די האַנד געדריקט.

— אַ גליקליכע רייזע, העררה, זייט געזונד! זייט גליקליך! — האָבען איהם אַלע געוואונשען.

די ליכטיגקייט פֿון וועכטערס לאַמטערן איז פֿערשוואונדען געוואָרען, די אויסגעדאַרטע אַרעסטאַנטען זענען נאָך אַ ווײלע געשטאַנען שטיל אין דער פֿינסטער, נאָר אין דעם האָט זיך געלאָזט הערען על־ארבי׳ס שרייענדיג קול:

על־ארבי איז געוועזען אַ מזריל אין אַ הוט
און גוט איז איהם געגאַנגען אויף דער וועלט,
מיט ווייבליך אין פּאַלאַץ האָט ער געלעבט זעהר גוט
און פּאַנטאָפֿעל אין מעטשעט גע׳גנב׳עט ווי אַ העלד.

---

## XVI.

אין די צעהן וואָכען, וואָס ישראל איז געזעסען אין דער תפיסה, האָט זיך מיט נעמי׳ן פּאַסירט פּשוט׳ע, אָבער אויך וואונדערבאַרע מעשיות. ווען די זעלנער האָבען ישראל׳ן גענומען, איז זי איהם נאָכגעלאָפֿען און די זעלנער האָבען זי געמוזט אַהיים שלעפּען מיט געוואַלט. דערנאָך איז זי געלאָפֿען אויפֿ׳ן שוועל, ווי צומישט, און גאַנץ קלאָר נישט פֿערשטאַנען דאָס אומגליק, וואָס איז אויף איהר געקומען, נאָר אין איהרע אויערען האָבען געקלונגען דעם פֿאָטערס לעצטע ווערטער:

— בלייב דאָ און ריהר דיך פון דאַנען נישט אַרויס! זאָל מען דיר זאָגען, וואָס מען וויל, דו ריהר דיך פון דאַנען נישט און בלייב דאָ! איך וועל צוריק קומען!

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט זי זיך אויפגעהאַפּט פון שלאָף, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, און אין די אויערען האָבען איהר ווייטער געקלונגען איהר פאָטער'ס ווערטער. צום ערשטען מאָל האָט זי זיי דאַמאלס פערשטאַנען, און איהר גרויס אומ־גליק איז איהר פאַר די אויגען געשטאַנען. זי איז געוועזען עלענד, איינע אַליין, אונ־בעהאָלפען ווי אַ קליין קינד, זי האָט אפילו קיין עסען זיך נישט געקענט צובערייטען און האָט דעריבער הונגער געליטען.

זי האָט נישט געוואוסט, צו וואָס זי זאָל זיך נעהמען, וואָס זי זאָל טהון, קלע־רען האָט זי אויך נישט געקענט, זי איז צו דעם נישט געוועהנט געווען.

די מוירען, וואָס האָבען דאָרט געוואוינט, זענען באַלד געוואויר געוואָרען, וואָס עס האָט זיך פאַסירט, און עטליכע ווייבער זענען געקומען זעהען, וואָס עס טהוט זיך מיט נעמי'ן.

— דו קענסט דאָ אַליין נישט בלייבען — האָבען זיי געזאָגט צו נעמי'ן — אַ קינד מיט אַ פנים ווי אַ בלוס איז אין סכנות, אַז עס בלייבט אַליין. ניין, דו מוזט צו אונז נעהן; מיר וועלען דיך שטיצען און היטען פאַר שלעכטע מענשען.

— ער האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז איך זאָל מיך פון דאַנען נישט ריהרען

די פרויען האָבען זי לאַנג צוגערעדט, און האָבען איהר פאַרגעשטעלט איהר ביטערן שטאַנד: אויב זי וועט אַליין בלייבען, וועט זי שטאַרבען פון הונגער, שלעכטע מענשען וועלען זי בעפאַלען, מען וועט זי בעגנב'נען, הרג'ענען. אומזיסט! זי האָט זיך אָבער געהאַלטען איינס:

— ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל מיך פון דאַנען נישט רידרען, און איהם מוז איך פאָלגען!

די ווייבער זענען זיך צוגאַנגען בייז אויפגערעגט.

— וואָס געהט אונז דאָס יודישע מיידיל אָן? — האָבען זיי געזאָגט — זי איז אַ נאַר, זאָל זי ליידען!

דאָך האָט זיך אין זיי דערנאָך ערוועקט רחמנות צו דעם עלענדען מיידיל, און די פרויען זענען געקומען מעלקען די קיה, מאַכען פיטער, באַקען ברויט און קאָכען. נעמי האָט זיך גיך אויסגעלערנט די אַלע מלאכות און האָט אַלעס אַליין געטהון, זע־הענדיג דאָס, האָבען די פרויען געזאָגט:

— אַלאַה! זי איז גאָר נישט אַזאַ נאַר, ווי עס האָט זיך געדאַכט. און ווען זי וואָלט נור נישט אַזוי שען געוועזען, אָדער ווען די וועלט וואָלט אַזוי פערדאָרבען נישט געוועזען... אָבער גאָט איז גרויס, גאָט איז גרויס!

אין אָנהויב האָט זי נישט פערשטאַנען, וואָס די פרויען האָבען איהר געזאָגט, אַז איהר פאָטער איז אין דער תפיסה. יעדען אָוועגד האָט זי געשטעלט אַ לעמפיל אויף דעם פענסטער, וואָס איז געוועזען פערהאַנגען מיט אַ ציגענפעל, און יעדען פריה־מאָרגען, ווען זי האָט זיך אויפגעהאַפּט פון שלאָף, האָט זי געזאָגט צו זיך מיט זיכער־הייט:

— ער וועט צוריק קומען! אפשר היינט ביי נאַכט, אפשר ביי טאָג, קומען וועט ער אודאי!

דערנאָך האט זי אבער געשמועסט מיט מענשען, וואָס זענען אליין געזעסען אין דער תפיסה, און דאמאלס האט זי ערשט ריכטיג פערשטאַנען איהר פאָטערס לאַגע.

דאמאָלס האט זי שוין בעשלאָסען נישט צו האָרכען, וואס דער פאָטער האט איהר געהייסען, נאָר פערקעהרט: ווי אַזוי פון דער היים ווי אַמגיכסטען אַוועק און קומען צום פאַטער.

— ווער שפּייזט איהם דאָרט? — האט זי זיך געקלערט — ער וועט נאָך דאָרט חלילה שטאַרבען פון הונגער. שפּייזט איהם דער קאַיד, וועט ער פערלאַנגען פיעל אויסקויפגעלד, און אויב מען וועט איהם אַזוי פיעל נישט קענען געבען, וועט דער אומגליקליכער פאטער מוזען שטאַרבען אין דער תפיסה. שפּייזט איהם דער קאַיד נישט, וועט ער דאָך געוויס שטאַרבען פון הונגער!

דאס אַלעס איז נעמי געוואהר געוואָרען פון די פרויען, וואס זענען צו איהר געקומען און האבען דערפון צווישען זיך געשמועסט, מיינענדיג אז נעמי פערשטעהט נישט פון וואס זיי שמועסען.

זי האט אפילו ווייניג פערשטאַנען, וואָס דאס איז אַ קאַיד און וואס — אויס־קויפגעלד, נאָר דאס האט זי בכלל געוואוסט, אַז איהר פאָטער איז זעהר אומגליקליך און אין גרויס סכנה. און דעריבער האט זי בעשלאָסען צו געהען צו איהם אין דער תפיסה.

— ער שטאַרבט דאָרט פון הונגער — האט זי זיך געקלערט — און איך קען איהם טראָגען עסען, פאַר וואס זאָל איך דאס נישט טהון?

די פרויען, וואס זענען צו איהר געקומען, זענען זעהר דערשראָקען געוואָרען, ווען זיי האבען זיך דערוואוסט, וואס זי רעכענט צו טהון.

— אללאה! — האבען זיי מיט שרעק געשריען— קיין שאווען? דו? איינע אליין? דו ברענגסט דיך אים! טויזענד מאָל ערגער וועט דיר און איהם זיין! אומ־גליקליכע! נאַריש קינד!

נעמי האט זיך אָבער געהאלטען ביי איהר בעשלוס.

— ער שטאַרבט דאָרט פון הונגער — האט זי געענטפערט — און איך קען איהם טראָגען עסען!

מעהר האט זי נישט געוואָלט וויסען. און די פרויען, זעהענדיג ווי זי האלט זיך פעסט ביי איהר בעשלוס, האבען געזאָגט איינע צו דער אַנדערער:

— ווער וואָלט זיך פאַרגעשטעלט, אַז דאס וויים־ראָזע קינד זאל פערמאָגען אזא שטאַרקען רצון!

נעמי האט באַלד אָנגעהויבען צו מאַכען הבנות צו איהר רייזע. זי האט אוועק־געלעגט דרייסיג אייער און אָנגעבאַקען דרייסיג קייליכיגע פלעצליך, זי האט געמאַכט פוטער און די פוטער־מילך אַריינגעגאָסען אין ביטלען פון ציגענפעל. אין דריי טאָג איז אלעס גרייט געוועזען; זי האט דאס עסענוואַרג אַריינגעלעגט אין קערב פון פאַל־

מענבלעטער און האט זיי ארויפגעלעגט אויף א מיילעזעל, ווי דאס טהוען די פרויען וואס פאהרען אויף דעם מאַרק.

די מוירישע פרויען זענען געקומען צולויפען, אום זיך מיט איהר צו געזעגנען און צום לעצטען מאָל מיט איהר זיך צו זעהען.

— האַלט דיך דעם גלייכען וועג ביז טעטוען און דאָרט וועסט דו דיך פערגען קיין שאווען — האבען זיי זי געלערנט.

א אַלטע פרוי האט זיך פון קאָפּ אַראָבגענומען א צוריסענעס, אלטען שלייער און מיט איהם בעדעקט נעמי'ס פנים.

— אזא פנים ווי דיינס, טאָר מען ביי טאג נישט ווייזען — האט די אלטע געברומט, און נעמי האט פון אָרט געריהרט. די פרויען האבען איהר נאָכגעקוקט, ביז זי איז פערשוואונדען געווארען אונטער דעם באַרג.

— א אָרים קינד! — האבען זיי זי בעדויערט — זי וועט שוין דאָ נישט צוריק קומען, אָ, ניין! אָ, צופיעל אויסגעלאַסענע, שלעכטע מענשען זענען פאַרהאַן אויף דער וועלט!..

— און איצט — האבען זיי געזאָגט קוקענדיג איינע אויף די אַנדערע מיט קנאה — וואס וועט ווערען מיט דעם וואס דאָ איז געבליבען?

זיי האבען גענומען און צוטהיילט צווישען זיך די קיה, שאָף, איזלען און אַלעס וואס דאָרט איז געוועזען.

— זיי וועלען סיי ווי סיי שוין נישט צוריק קומען! — האָבען זיי געזאָגט — פאַר וואס זאל פון דעם אַלעס גאָר נישט ווערען? זאלען מיר האָטש האבען.

## XXII.

ערשט זייענדיג אויף דעם וועג, איז נעמי געוואָהר געוואָרען ווי שווער און געפעהרליך די רייזע איז פאַר איהר. אין דער היים האט זי געמיינט אז עס איז זעהר לייכט צו פרעגען מענשען אויף דעם וועג, איצט אבער האט זי דאס מייל נישט געקענט עפענען, פאַר פרעמדע מענשען האט זי געציטערט און שרעקליך מורא געהאַט.

אויפ'ן וועג האט זי בעגעגענט א מחנה אַראַבער, וואס האבען זיך געזוכט א ניי וואָהנונג. יונגע פרויען און קינדער זענען געזעסען אויף קעמלען און אַלטע פרויען זענען געגאנגען צו פוס, געבויגען אונטער די משא פון צעבערס און קעסלען, יונגען האבען געטריבען קיה און שאָף און מענער זענען געריטען בעוואָפענט מיט לאַנגע ביקסען אויף רייענדיגע פערד. נעמי האט זיך שטאַרק דערשראָקען, איהר קליין מייל-אייזעל איז געבליבען שטעהן אין מיטען און האט זיך נישט געוואלט פון אָרט ריהרען. דער אַלטער, צוריסענער שלייער האט זיך אַראָבגערוקט פון איהר פנים אויפ'ן האַלז און די מאַנסבילען האבען אונפערשעמט איהר נעקוקט אין די אויגען.

דאס קוקען האט געברענט און געשטאָכען איהר נשמה; דאַמאלס איז ערשט אין איהר ערוועקט געוואָרען דאס געפיהל פון בושה.

און דאָך האט זי זיך בעמיהט דעם מוטה נישט צו פערלירען, אום זי זאל קענען קומען צו איהר ציעל.

— ער שטאַרבט דאָרט פֿון הונגער — האָט זי זיך געיאָמערט — איך מוז איהם עסען פֿיהרען!

יעדער טריט איז איהר זעהר שווער אָנגעקומען. אַלעס איז פֿאַר איהר ניי געוען, אַלעס שרעקליך. אפילו דאָס, וואָס זי האָט אויף יעדען טריט בעגעגענט, — מאַנסבילען, פֿרויען און קינדער, האָט איך ביי איהר ווילד אויסגעזעהען.

אויף דער גאַנצער וועלט זענען פֿאַרהאַן מענשען! — האָט זי זיך געוואונדערט.

נישט איינמאָל האָט זי געוואָלט, אַז עס זאָל זיין וואָס מעהר מענשען, בפרט ווען זי איז געגאַנגען אויף אַ ווילד וויסט אָרט, וואו זי האָט קיין צייכען פֿון קיין מענש נישט געזעהען.

אַם מעהרסטען טהייל אָבער האָט זי געוואָלט פֿערקעהרט, אַז עס זאָל הייַנט איהר קיין מענש אויף דער וועלט נישט זיין. דאָס איז געווען דאַמאָלס, ווען קינדער, וואָס זי האָט בעגעגענט אויף דעם וועג, האָבען זיך געשפּיעלט מיט איהר מיילאַייזעל. פֿרויען האָבען פֿון איהר געלאַכט, וואָרום זיי האָבען געמיינט, אַז זי איז אַ פֿערדאָרבענע פֿרוי, ווייל זי געהט איינע אַליין און מאַנסבילען האָבען איהר אונפֿערשעמט מיט געלעכטער געקוקט אין די אויגען.

איידער זי איז אָבגעגאַנגען עטליכע מייל, האָט זי אָנגעהויבען איהר מוטה צו פֿערלירען. אַלעס האָט זיך איהר אויסגעוויזען אַנדערש, ווי זי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. זי האָט געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט איז אַזוי גוט אַזוי אידעל, אַז יעדער וועט איהר בייהילפיג זיין, ווען זי וועט נור זאָגען:

— מיין פֿאָטער שטאַרבט אין דער תפיסה פֿון הונגער און איך פֿיהר איהם עסען.

אַזוי האָט זי געמיינט. אַזוי האָט זי גערעכענט, האָטש די מוישע פֿרויען האָבען איהר געזאָגט אַנדערש. און איצט זעהט זי, אַז קיינער העלפֿט איהר נישט, קיינער האָט אויף איהר קיין רחמנות נישט.

דער מיילאַייזעל, וואָס ווילדע קינדער האָבען איהם געצופּט, געריסען, איז וואָס אַמאָל פֿאַמעליכער געגאַנגען, די קערב מיט דעם עסענוואַרג זענען אויף דעם וועג לויז געוואָרען און די קיליכיגע פּלעצליך האָבען פֿון זיי אַרויסגעשטיגט.

עטליכע שמוציגע פֿרויען, וואָס זענען געגאַנגען אין שטאָדט אַריין מיט זעק קיהלען אויף די פּלייצעס, האָבען געחאַפּט עטליכע פּלעצליך און גיך אַיבּגעפּרעסען. נעמי האָט געפּרופּט זיי צו שטערען:

— דאָס איז פֿון מיין פֿאָטערס וועגען — האָט זי געבעטען מיט אַ ציטערדיג קול — ער שטאַרבט אין דער תפיסה פֿאַר...

מעהר האָט זי שוין נישט גערעדט, וואָרום די פֿרויען, וואָס האָבען זיך די מיילער מיט די פּלעצליך פֿערשטאָפּט, האָבען אַרויסגעלאָזט אַ פֿערשטיקט געלעכטער, און אין אַ מינוט אַרום זענען זיי איהר פֿון די אויגען פֿערשוואונדען געוואָרען.

פֿון דאַמאָלס אָן האָט נעמי שוין קיינעם נישט געזאָגט פֿון איהר פֿאָטער. זי האָט שוין צו קיינעם קיין צוטרויען נישט געהאַט. די וועלט איז שרעקליך אַכזריש!

נאך זעקס שעה רייזע איז זי געשטאַנען פֿאַר א אכסניא, וואָס איז אונטער די וואלען פֿון טעטוען, די נאַכט איז צוגעפֿאַלען, און זי האט דאָרט געמוזט נעכטיגען.

פֿאַר צוואָנציג מודזונאה *) האט זי בעקומען א פֿינסטערע קאַמער צו שלאָפֿען און איהר מוילאייזעל האט געקענט שטעהען איבער נאַכט און עסען אויף א בערגיל מיסט נעבען דער אכסניא.

דער הונגער האט איהר אָבער אָנגעהויבען יסורים אָנצוטהון. פֿון דעם עסענ־וואַרג, וואס זי האט געהאט מיט זיך, האט זי נישט געוואלט רירען; עס איז ביי איהר געוועזען ווי הייליג. ענדליך האט זי געמוזט נעהמען עטליכע אייער, בעקלערענ־דיג זיך, אז אויב זי וועט נישט עסען, וועט זי דאָך נישט קענען קומען צום פֿאָטער און ער וועט גאָר נישט האבען.

די אכסניא איז געוועזען פֿול מיט מענשען, וואס האבען אין דער פֿריה געזאלט געהען קיין טעטוען אויפֿ׳ן מאַרק, מוילאייזלען, קעמלען און א סך הינד. דאמאלס איז געוועזען ערב ראש חדש ביי די מאַהמעדאנער און אַלע האבען ערוואַרט דעם מולד פֿון דער לבנה.

דערזעהענדיג א שטיקיל לבנה, וואס האט זיך אַרויסגעריהרט פֿון אונטער דינע וואָלקענעס, האָבען מאַנסבילען געשאָסען מיט גרויסע, לאַנגע ביקסען, פֿרויען האבען זיך געזעצט אין א האַלבראָד און געזונגען זייערע תפלות. דערנאך האבען זיי אַלע אָנגעהויבען עסען און טרינקען, זינגען און לאַכען, שפּיעלען אויף דוינברי, קונצען צו ווייזען, און דערנאָך האָבען זיך געמאַכט מחלוקות און געשלעגען, ביז דער בעל־אכסניא איז געקומען און אַלע גוט בעלענט מיט לעדערנע פּאַסען.

דאס אַלעס האט געדויערט, ביז עס איז טאָג געוואָרען.

נעמי האט זיך געשפּירט קראַנק. דער ריח פֿון פֿערפֿוילטע פֿיש און פֿון ד שטאַלען, די קולות פֿון אייזלען און קעמלען, דאָס בילען פֿון די הינד און דאס גערוייש פֿון די שכורים, האבען איהר געמאַכט קאָפּשמערצען. זי האט נישט געקענט עסען, נישט שלאָפֿען, און ווען עס איז נור טאָג געוואָרען איז זי אויפֿגעשטאַנען און ווייטער גע־גאַנגען.

— איך קען נישט וואַרטען — האט זי געזאָגט צו זיך זעלבסט און זיך בע־מיהט נישט צו מאַכען זיך פֿון דעם, וואס דער הימעל טאַנצט פֿאַר איהר, און קאָפּ הוישט און דאָס אָרימע האַרץ וועט שיער נישט צופּלאַצט.

— ער שטאַרבט דאָרט פֿון הונגער — האט זי זיך געיאָמערט, בעמיהענדיג זיך צו פֿאַרגעסען אָן איהר שוואַכקייט — ווען די וועלט וואָלט נור נישט געוועזען אזוי אכזריות שלעכט, ווען עס וואָלט מיר האָטש איין מענש געוויזען אַביסיל רחמנות, ווען עמיצער וואָלט מיר האָטש איין טרייסטוואָרט געגעבען!

קיינער האט זיך אָבער אויף איהר נישט אומגעקוקט, חוץ די פֿרויען, וואס האָ־בען איהר דאס ברויט גע׳גנב׳עט און די מאַנסבילען, וואס קוקען איהר אונפֿערשעמט אין די אויגען.

---

*) מודזונאה — א מין מטבע.

דער איינער טאָג האט זי מעהר אויסגעלערנט, ווי דאס גאַנצע לעבען ביז איצט; זי איז געוואהר געוואָרען פון די ביטע״ע פירות פון גוטס און שלעכטס, וואס וואַקסען אויף דעם עץ הדעת...

דאַמאָלס האָט זי זיך דערוואוסט, אַז זי איז ביז איצט געווען אַ נאַריש קינד, וואָס קען נישט די וועלט און דעריבער האָט זי זיך געלאָזט אויף אַ אונבעקאַנטען וועג. אום דעם פּאַטער צו פיהרען עטליכע אייער און טרוקענע פלעצלי׳ך! ווי נאַריש האט זי געטהון!.. וואָס וועט דער פּאַטער מיט דעם געהאָלפען זיין?

שלעפענדיג זיך אויף דעם מויליייזעל, האט איז שוין כמעט לאָהם געוואָרען האָט זי זיך וויטער בעמיהט רוהיג צו זיין, דאָס שלוכצען האָט זיך איהר אָבער דאָך פון דער ברוסט אַרויסגעריסען. אלעס האָט איהר אויסגעוויזען אזוי נאַריש, אַזוי קינדיש!..

דער פּאַטער האָט געמוזט וויסען, אַז זי איז אַ נאַר און דעריבער האָט ער זי געהייסען, פון הויז זיך נישט אַרויסצוריהרען.

וואָס וואָלט געוועזען, ווען דער פּאַטער וואָלט דערוויל צוריק געקומען?

און אפשר וואָלט גאָר גלייכער געוועזען, אַז זי זאָל צוריק אַהיים?

זי האָט שוין געהאַט בעשלאָסען צוריק אַהיים צו געהען, נאָר אינדעם איז זי געקומען צו דעם טהויער באב־טוט, הויך וועלכען מען האט זי מיט איהר פּאַטער אין חרפות און בושות אַרויסגעטריבען פון דער שטאָדט און האביבאה איז איהר אַנטקעגען געקומען.

האביבאה איז דאַמאלס געוועזען בן־אבו׳ס שקלאַפין. דאַמאַלס האט זי זיך אַד רויסגע׳גנב׳עט, אום צו געהען צו נעמי׳ן, וואָרום דאַמאָלס איז זי געוואהר געוואָרען, וואו זי געפינט זיך.

די אָרימע, בעשראָקענע נעמי האט געשלוכצט אויף דער שוואַרצער שקלאַפינס ברוסט.

— וואוהין געהסט דו? — האט האביבאה געפרעגט.

— צום פּאַטער — האט נעמי געענטפערט — ער איז אין דער תפיסה; מען זאגט, אז ער שטאַרבט דאָרט פון הונגער. איך פיהר איהם עסען, נאָר איך קען מיר קיין עצה נישט געבען, איך קען נישט דעם וועג און...

— יאָ, יאָ! — האט איהר האביבאה איבערגעהאקט.

האביבאה האט געהאט איהרע אייגענע פלאַנען: זי האט זיך געוואלט בעד פרייען פון באשא און פערזיכערן זיך דעם גן־ערן. נעמי וועט מוזען אָננעהמען דעם מאהמעדאנישען גלויבען. פאר נעמי׳ן וועט דאס אויך זעהר גוט זיין, זי וועט אויפהערד רען צו ליידען און איהר פּאַטער וועט פריי ווערען.

נעמי האָט דאַמאלס נאָך קיין בעגריף נישט געהאט פון אמונה; פון קיין אונד טערשיעד צווישען איינע און די אַנדערע האט זי נישט געוואוסט. זי האט נור געד האט איין וואונש: דער פּאַטער זאָל פריי ווערען. דעריבער איז איהר האביבאה׳ס פלאַן זעהר געפעלען.

-- דו זאָגסט, אז דער פּאַטער וועט באַלד פריי ווערען? דו ווייסט דאס זי־ בער? גאַנץ זיכער? — האט זי געפרעגט.

— נאַנ'ן זיכער — האט האביבאה איהר געענטפערט.

נעמי האט שוין כמעט געהאט פערלאָרען די האָפנונג צו צוקומען צו איהר פאָטער'ס תפיסה און דאס האט זי שוין פערשטאַנען, אז די אייער מיט די פלעצליך, וואס זי האט איהם געפיהרט, וועלען איהם גאָר נישט העלפען.

— גוט! — האט זי געזאָגט — איך וועל אָננעהמען מאהמעד'ס גלויבען.

האביבאה האָט געפיהרט נעמי'ן אין איהר שטיבל אריין און איז געלאָפען דער־צעהלען בן־אבו'ן, אַז נעמי איז ביי איהר און וויל אָננעהמען מאַהמעד'ס גלויבען.

— איך האב איהר געזאָגט, אַז די וועסט איהר פאַטער בעפרייען — האט האביבאה געזאַגט.

ברענג זי דאָ אריין! — האט בן־אבו געשריען — איך וועל טהון, ווי דו האָסט געזאַגט!

דערווייל איז אבער פאטימא אַריינגעקומען אין האביבאה'ס שטיבל און דער־זעהענדיג דאָרט נעמי'ן האט זי זיך פון איהר דערוואוסט, ווי אַזוי זי איז דאָרטען גע־קומען.

— מיין ציהרונג פון גאָלד און זילבער! — האט פאטימא געשלוכצט — דו ווייסט נישט, וואס דו טהוסט. אויב דו וועסט אָננעהמען מאהמעד'ס גלויבען, וועסט דו אויף אייביג מוזען זיין דערוויטערט פון דיין פאטער. ער איז אַ יוד און וועט צו דיר קיין רעכט נישט האבען, דו וועסט איהם מעהר נישט זעהען... קיינמאָל נישט! אויף איי־ביג וועסט דו פאַר איהם פערלאָרען זיין... אויף אייביג!

האביבאה איז צוריק געקומען מיט צוויי סטראַזשניקעס, אום נעמי צו פיהרען צו בן־אבו'ן. דאס אָרימע מיידיל איז זעהר דערשראָקען געוואָרען. פאטימא'ס ווערטער האבען געטראָפען אין איהר הארץ אריין. דער פאטער וועט פריי זיין, אבער זי וועט פאַר איהם פערלאָרען זיין... וואס טויג איהר דאס? וועט איהר פאטער וועלען די פרייהייט?

דורך פינסטערע קאָרידאָרען האט מען זי געפיהרט אין פאלאַץ אריין. וועלכען זי האט שוין געקענט. אַרום זענען געשטאַנען מאנסבילען אין רויטע, שפּיציגע היטען און ווייסע, ברייטע קאַפּטאַנס. העכער פון אַלע איז געזעסען אַ אלטער אין מלבושים, וואס האבען אויסגעזעהען ווי דער הימעל ווען די זון געהט אונטער, מיט אָרמעל ווי גלאָקען; אין גאַרטעל האט ער געהאַט אַ זילבערן פערבלוטיגט מעסער און אַרום דעם האַלז — לעדערנע ביימליך אויף געלבע שנורליך. נעבען דעם אַלטען איז גע־זעסען א פרוי מיט א שרעקליך פערשמייכעלט פנים, און זי, נעמי איז געשטאַנען אין מיטען און אַלע האבען אויף איהר געקוקט.

וואו האט זי דאס אַלעס שוין געזעהען?

זייט ישראל איז געזעסען אין דער תפיסה, האט בן־אבו זעהר אָפט געמיין אין זינען געהאַט. ער האט געהאט פלאנען וועגען איהר, וועלכע ער האט געמוזט פאַר עקאטערינאַ'ן האַלטען בסוד. אויסצופיהרען די פלאַנען האבען איהם איינגעהאַלטען צוויי זאַכען: עס האט איהם געפעהלט געלד דעם סולטאַן צו בעפרידיגען, אויך האט ער מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט ברענגען ישראל'ן צוריק צו נעהמען צו זיך. איצט

אבער איז איהם די געלד־זאַ״ג אראָב פֿון קאָפּ. אויף די פֿרייע איינוואָהנער פֿון די בע״רנ האט ער געלעגט מס און צו הילף גערופֿען דעם סולטאַנס חיל, כדי זיי איינ־צונעהמען.

די אָרמעע האט געפּיה־ם דער סולטאַן אליין, וואס האט געהייסען הרוב מאַ־כען די דערפֿער און האט צוגענומען אלעס, וואס זיי האבען געהאַט. דערנאָך האט ער דעם קאַיד מודיע געוועזען, אַז ער וועט קומען קיין טעטוען, אום דאָרט צו זיין אין דעם יום־טוב פֿון מאַהמעד׳ס געבורטסטאג.

נעמי׳ס אָנקומען איז געוועזען דאמאלס פֿאַר בן־אבו׳ן זעהר א גרויס גליק. זי וועט אָננעהמען מאהמעד׳ס גלויבען; דער פֿאָטער, אלס יוד, וועט צו איהר קיין רעכט נישט האבען און ער וועט זי געבען דעם סולטאַן, אַלס משכון אויף שלום, בעת ער וועט אריינפֿאָהרען אין שטאָדט אַריין.

דעם נייעם פלאַן האט בן־אבו באלד דערצעהלט זיין ווייב. נאָר ווען נעמי איז געשטאַנען פֿאַר איהם, אזוי שען, זיס, פֿריש און איידעל, האבען זיך אין דעם אלטען אויסגעלאַסענעם דערוועקט די אַלטע ישלעכטע תאוות און ער האט זיך דערמאנט אָן זיינע ערשטע פלאַנען.

— בכן, ווילסט דו אָננעהמען דעם נביא׳ס גלויבען? — האט ער געפֿרעגט.

נעמי האט מיט שרעק זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטען און געשריען:

— ניין, ניין, ניין!

בן־אבו האט זיך געווענדט צו האביבאה׳ן.

— זי האט אזוי געזאָגט — האט די שקלאַפֿין געשריען — זי האט אַליין אזוי געזאָגט: „איך וועל אננעהמען דעם נביא׳ס גלויבען!" יאָ, איך שווער, זי האט אזוי געזאגט.

— האָסט דו אזוי געזאָגט? — האט בן־אבו געפֿרעגט נעמי׳ן.

— יאָ — האט זי שטיל געענטפֿערט.

— בכן, טארסט דו קיין חרטה נישט האבען! — האט בן־אבו א געשריי געטהון — איצט האסט דו נור צוויי זאַכען דיר אויסצוקלויבען: דעם טויט, אָדער אָנצונעהמען דעם נביא׳ס גלויבען. טהו וואס דו ווילסט!

נעמי האט אָנגעהויבען צו וויינען. בן־אבו האט געלאַכט און האביבאה האט זי ווידער אָנגעהויבען צו בערוהיגען און איבערצורעדען. נעמי האט אבער נור איינס גע־האט אין די געדאנקען:

— וואס וועט ווערען מיט מיין פֿאָטער? — האט זי געפֿרעגט.

— ער וועט פֿריי ווערען — האט איהר בן־אבו געענטפֿערט.

— וועל איך מיך מיט איהם קענען זעהען? וועל איך צו איהם צוריק און ביי איהם זיין? — האט זי זיך געבעטען.

— נאַריש מיידיל! — האט עקאטערינא א געשריי געטהון.

— זי איז נאָך א קינד! — האט בן־אבו געזאָגט, און קוקענדיג אויף איהר מיט תאוה, האט ער געהייסען זי פֿערמאַכען אויף דריי טאָג מיט זיינע ווייבער.

בן־אבו׳ס ווייבער האבען געהאט א גרויסען גארטען, אין וועלכען עס איז גע־וועזען א גרויס הויז און עטליכע קליינע שטיבליך. דארט זענען געוועזען פרויען פון פערשיעדענעם אלטער, צווישען אנדערע — א אלטע מוירין, טארהא אין פורפור־רויטע מלבושים מיט א בונד שליסלען, וואס האבען געהאנגען פון ארעם ביז צום גארטעל; א טשערקעסין, הוליא, וואס איז געוועזען געקליידט אין רויטען, מיט גאלד געשטיקטען זייד, א פראנצויזין, יאסעפען אין געהאפטענע פאנטאפעל און ווייסע זאקען און א משומדת, סאל, מיט אונטערגעשוואַרצטע אויגען און א זיידענעם פאס אויפ׳ן שטערן נעבען די שווארצע האר.

די אלע פרויען האבען זיך בעמיהט נעמי׳ן צו צורעדען, אז זי זאל פאלגען בן־אבו׳ן, יעדע בעזונדער האט געטהון אלע מעגליכקייט אום בן־אבו׳ן צו ווייזען, אז זי איז איהם טריי און דעריבער האבען זיי אלע נעמי׳ן פארגעלעגט דאס גרויסע גליק, וואס זי וועט האבען, אויב זי וועט אננעהמען מאהמעד׳ס גלויבען.

זי וועט זיין א גרויסען מאנס ווייב, וועט האבען טהייערע מלבושים, א הערליבען הויף, ציהרונג מעהר ווי זי וועט אליין וועלען און די גאנצע וועלט וועט פאר איהר קניהען.

— ווארום באמת, וואס איז דען פאר א אונטערשיעד צווישען משה׳ן און מהמד׳ן? — האט סאל געטענה׳ט — נעם מיך פאר א ביישפיעל: איך בין אויך א יודין געבוירען געווארען... מחמד, משה...

— „שא! — האט יאסעפען איבערגעהאקט איהרע רייד — ווי קענסט דו גלייכען משה׳ן צו מחמד׳ן?

— און וואס קען דאס אלעס אונז אנגעהען? — האט טארהא זיך אריינגעמישט — דאס גן־עדן איז סיי ווי סיי נור פאר מאנסבילען.

— בעסער קלער וועגען ציהרונג, טהייערע שטיינער, פינגערליך, בריטע זוי בראנזלעטען — האט הוליא נע׳טענה׳ט — מעהר, וואס האט דיך אנצוגעהען.

אלעס אומזיסט! נעמי האט אויף אלעם נור געהאט איין פראגע:

— וואס וועט מיט מיין פאטער ווערען?

די פרויען האבען די געדולד פערלארען און האבען אויפגעהערט מיט איהר צו טענה׳ן.

— מיר זאלען זי נאך צורעדען, אז זי זאל ווערען דעם סולטאנס ווייב און אונז טרעטען ווי מיסט, ווען זי וועט קומען קיין טעטוען? — האבען זיך די פרויען איבערלעגט.

און נעמי זיצענדיג ביי זיי, האט געמוזט הערען זייערע שמועסען, ערצעהלונגען, געלעכטער און ליצנות. און דאמאלס איז אראבגעפאלען פון איהרע אויגען דער שלייער פון דעם גרויסען סוד, און פון דעם אונשולדיגען קינד איז געווארען א פרוי...

נאך דריי טאג האט בן־אבו אוועגגענומען נעמי׳ן פון צווישען זיינע ווייבער און זי געזעצט אין דער תפיסה, געבענדיג איהר האביבאה׳ן זי צו היטען.

די שווארצע שקלאפין האט זיך נישט געהאט פארגעשטעלט, אז מיט איהר פלאן וועט זי אזא אונגליק ברענגען אויף נעמי׳ן און איז דערפון זעהר אויפגערעגט

געוועזן. איצט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז קיין אַנדער עצה איז נישט פאַרהאַן, נור זי מוז אָננעהמען מחמד'ס גלויבען. דעריבער האָט זי נעמי'ן בעשאָטען מיט טענות און בקשות.

— ווי קען מען זיין אַזוי איינגעשפּאַרט? — האָט זי געשריען און געוויינט — ווי קען מען דערליידען, אַז א פאָטער זאָל שטאַרבען פון הונגער אין דער תפיסה, בשעת מען קען מיט איין וואָרט איהם געבען די פרייהייט?

נעמי האָט קיין אַנדער תשובה, הוץ טרעהרען, נישט געהאַט. זי האָט זיך דערמאָנט אָן די צייט, ווען זי איז אין האַרעם געוועזען און האָט געוויינט — געוויינט אָהן אַ סוף.

בן-אבו האָט א אַנדער מיטעל געפונען. ער האָט גערופען דעם גרעסטען רב פון טעטואן און איהם געהייסען, אַז ער זאָל נעמי'ן צורעדען אַנצונעהמען מהמד'ס גלויבען.

דער רב איז מיט טרעהרען אין די אויגען אַריינגעגאַנגען צו איהר אין דער תפיסה און איהר געזאָגט פון דער תורה, פון משה'ן, פון מהמד'ן, פון שרעקליכען יודישען גלות, פון דעם, אז ער איז אַ רב ביי יודען און דאָ האט מען איהם געבראַכט אַז ער זאָל אַ יודישע טאָכטער צורעדען אָבצוטרעטען פון איהר, דאס הייסט פון זיין אייגען גלויבען... און מיט געוויין איז ער צוריק אַרויסגעגאַנגען.

אין דער גאַנצער שטאָדט איז מען דערנאָך געוואָהר געוואָרען די מעשה פון נעמי'ן, און ווען עס איז נאַכט געוואָרען, האָבען זיך מוירען פאַר'גנב'עט צום פענסטעריל פון דער תפיסה און האָבען איהר דערקלערט, אַז דאָס, וואָס ביי איהר איז א אונגליק, איז זעהר לייכט צו טהון.

— נעם אָן די אמונה פון נביא — האָבען זיי איהר געזאָגט — וועסט די זיין געראַטעט! דו ביסט נאָך צו יונג צום שטאַרבען!

זיי האָבען אָבער קיין אנדער ענטפער הוץ שלוכצען ניט געהערט.

ענדליך האָט בן-אבו געהייסען אויסרופען צוויי זאַכען: אַז דער סולטאַן עבד-ער-רחמן קומט קיין טעטואן אויף יום-טוב פון מחמד'ס געבורטס-טאָג, און אַז אויב נעמי וועט מאָרגען אין דער פריה נישט זיין אין מעטשעט קעלמאַה, וועט זי מיט דעם פאָטער גע'הרג'עט ווערען, ווייל זי איז פאַלש געוועזען מחמד'ס גלויבען: זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט די אמונה אָננעהמען און דערנאָך וויל זי נישט.

אין דערזעלבער נאַכט האָט איהר האַביבאַה דערצעהלט, אַז דער קאַיד האָט היינט בעראַבעוועט אַלע יודען פון טעטואן אום צו האָבען געלד אויף די הוצאות, וואָס ער וועט אויסגעבען אויף דעם סולטאַן, און אַז אַלע בעטען, דאָס איהר פאָטער זאָל צוריק קומען און זיי אַלע רעטען.

— ראַטעווע דיין לעבען! — האָט האַביבאַה געענדיגט מיט געבעט און טרעהרען אין די אויגען — ראַטעווע דיין פאָטער! ראַטעווע דיין פאָלק! איבער דיין איינגעשפּאַרטקייט, ווילסט דו, זאָלסט דו אומקומען, דיין פאָטער און דיין גאַנץ פאָלק?!

די ווערטער האָבען גע'פועל'ט. צו מאָרגענס איז נעמי געשטאַנען אין מעטשעט אויף די קניה און נאָכגעזאָגט דעם א'מאַן:

— איך גלויב, אַז עס איז נישט דאָ קיין גאָט איבער גאָט און מאחמעד איז זיין נביא, איך נעם אָן זיין אמונה!

דערנאָך האט מען ז' צוריק גענומען אין האַרעם אַריין און אָנגעטהון אין טהייערע מלבּושים.

איהר קינדיש פּנים האָט געפּלאַמט פון הייסע טרעהרען. זי איז געוועזען אַ שוואַך, אָרים בעשעפעניש, וואָס האט נאָך נישט געוואוסט פון גאָט, פון אמונה. נור איין פּאָטער האָט זי געקענט און נור איהם האט זי ליעב געהאַט.

---

## XXIII.

אזוי איז געוועזען די מעשה פון ישראל'ס בעפרייען. ער אבער האט נאָך נישט געוואוסט ווי טהייער איהם קאָסט די פרייהייט און האָט זיך זעהר גליקליך געשפירט. זיין שמחה פון דעם פּלוצלינגען בעפרייט ווערען, איז געוועזען פשוט אַ קינדישע. מיט אַ פרעהליכען שמייכעל איז ער געגאַנגען מיט דעם לויפער צו די טהויערען פון דער שטאָדט, מיט דעם פערשלאָפענעם סטראזשניק האָט ער ליצנות געמאַכט ווי מיט אַ גוטען בעקאַנטען. ער איז געגאַנגען גרינג, לוסטיג, זיין קול האט פרעהליך געקלונגען, די אויגען האָבען געבלאַנקט געגען דעם לאַמטערן און דאָס פּנים האט געשיינט.

— מורא האָבען ביי נאַכט צו געהן? אַך, ניין, איך קען דאָך נישט בעגעגנען קיין ערגערען ווי איך אליין בין, זאָלען די מורא האָבען, וואס ווילען מיך בעגעגנען. האַ! האַ! נישט אמת? נישט אמת?

— דו האָסט קיין מורא נישט פאַר אַ שלעכטען מענש, ברודער?

— ניין, ברוך־השם!

— נו, געה געזונד!

— בלייב געזונד!

— זאָל דיר דער טאָג ברענגען ברכה.

— אַ גוטע נאַכט!

— א גוטע נאַכט!

און שאַקלענדיג מיט דער האַנד איז ער פערשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניש פון דער נאַכט.

די נאַכט איז געוועזען וואונדערשען. די לבנה האט געשיינט נידריג אויף מזרח און די שטערען האָבען מיט זייער זילבערנעם בלאנק פיל געמאַכט דעם גאַנצען בלויען הימעל און די שוואַרצע ערד. פון די בערג האט מען געהערט דאס גערויש פון וואַסער, וואָס האט זיך געגאָסען פון דער הויך, די קיה האָבען גאָהענט פון איהם געגעסען גראָז, און שאָף האבען זיך ווי ווייסע שאָטענס גערוקט ביי זייערע פיס, די לופט איז געוועזען פייכט און קיהל, פון ים האָט געוועהט אַ קליין ווינדטיל.

ישראל איז געגאַנגען גיך און מיט תאוה געעטהעמט די נאַכט־לופט אַך, ווי גוט איז איהם איצט האַיין געוועזען, ווי ליעב איז איהם דאמאלס די פרייהייט געוועזען!

— איך געה צום גליק — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט — צו א גרויס, זעהר א גרויס גליק.

ער האט אויפגעהויבען די אויגען און דערזעהען א שטערן, וואס בלאנקט איבער זיין וועג.

— זי פיהרט מיך צו נעמי'ן! — האט ער זיך געקלערט.

ער האט געוואוסט, אז די געדאנקען זענען קינדיש, ער האט אבער זיי נישט געקענט פערי־אגען. און דאס איז דאך אודאי זיכער, אז די לבנה מיט די שטערען היט איצט נעמי'ן מיט איהרע זיסע חלומות...

— איך געה צו דיר! האט ער הויך געזאגט.

ער האט זיך איינגעקוקט אין דעם שטערן, וואס האט געבלאנקט איבער זיין קאפ און איז געלאפען פאר זיך אהן רוהע, אהן אויפהער.

עס איז ליכטיג געווארען. לאנגע, קיהלע, שטילע און פייכטע פאסען ליכט זע־נען ארויסגעקומען פון אונטער די בערגער. די גרינע שטראהלען האבען אנגעהויבען יוטליך צו ווערען. פלוצלינג איז די זון ארויסגעקומען. געזעהען האט מען זי נאך אייגענטליך נישט, נור די שפיץ בערג האט זי בעגאסען מיט פורפור און דער שווארצער שאטען איז אנטלאפען פון די בערגיגע שפיצען, וואס האבען אויסגעזעהען, ווי זיי וואלטען געברענט. ישראל'ס הארץ איז אויפס ניי פול געווארען מיט שמחה און ער האט אנגעהויבען נאך גיכער צו געהען.

— זי וועט זיך באלד פון שלאף אויפהאפען — האט ער צו זיך געזאגט.

די ערד האט פון זיך דעם שלאף אראבגעווארפען. פון אלע זייטען האט זיך געלאזט הערען א געזאנג פון פייגעל. די זון איז ארויסגעקומען פון אונטער די בערג און האט בעלייכט די גאנצע ערד. טראפען טהוי האבען געבלאנקט אויף די בלומען, פון אלע זייטען האט מען געהערט דאס קול פון שאף, בולען פון הינד, מורען פון קיה און די פרישע, ריינע לופט האט זיך אויסגעמישט מיט א שטארקען ריח פון פרישע צווייגען, וואס האבען געברענט אין דער וויטענס. ישראל האט זיך נישט אויפגעהאלטען, נאר מיט נייען כח געלאפען.

— איצט שטעהט זי געוויס אויף — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט. און דמיון האט ער אפילו געזעהען, ווי זי געהט ארויס און שטעלט זיך פאר דער שוועל, אום צו זעהען, אויב ער געהט נישט צוריק.

— ארים קינד! — האט ער זיך געקלערט — ווי בענגעהט זי זיך דארט אהן מיר? נאר איך געה דאך שוין צוריק, איך געה שוין! איך געה צו מיין קינד און וועל נאך גליקליך זיין!

ער איז געקומען אין א דארף, וואס האט געהייסען דאר־על־פאקעטש — ארים־הויז. ער האט דארט אבער קיין לעבעדיגע נשמה נישט געטראפען. דעם סולטאנס ארמעע האט דא אלעס אויסגערויבט און די איינוואהנער זענען אנטלאפען אין די בערג. ישראל האט זיך אויף א ווילע געשטעלט און אריינגעקוקט אין איין אויסגע־ראבעוועט הויז. אן דער מזוזה, וואס ער האט געפונען, האט ער ערקענט, אז דארט האט

געוואָהנט א יודישע פאַמיליע. אויף דער ערד זענען געוועזען צעוואָרפּען צעבערס, א טוך פון א פרוי און א רוטער, עלעגאַנטישער פרויען־פאַנטאָפעל.

אויף דעם אויסגעטרעטענעם גראָז אויפ׳ן הויף זענען געלעגען בערגליך שטיינדליך, און צווייגליך זענען געוועזען אריינגעזעצט אין די ערד. קליינע קינדער האָבען זיך אודאי דאָרט געשפּיעלט און איהם האט זיך געדאַכט, אז די טויטע שטילקייט איז נאך אָנגעזאָפּט מיט זייערע קולות.

— אָרימע נפשות! — האט זיך ישראל געקלערט. נאָר זיין הארץ איז אזוי פול געוועזען מיט זיין אייגען גליק, אַז יענעמס אונגליק האט איהם נישט געקענט ריהרען.

דער טאָג איז געוועזען א וואַרמער, נישט א הייסער; ישראל איז געגאַנגען אָהן אויפהער און גערעכענט אין די געדאַנקען ווי וויט עס קען זיין פון שאַווען ביז צו איהם אהיים. עס איז געוועזען א ערך זיעבציג ענגלישע מייל. דער וועג ברויך דויערן צוויי מעת־לעת, צוויי טאָג און צוויי נעכט. ער איז אַרויס פון דער תּפיסה מיטוואָך ביי נאַכט, בכן מוז ער זיך גוט איילען, אז ער זאל פרייטאג פאַר נאַכט קענען זיין אין דער היים. ער האט אלזא קיין צייט נישט זיך אָבצורוהען.

— דאס אָרימע קינד וועט דאָרט וואַרטען, וואַרטען, וואַרטען! — האט ער צו זיך זעלבסט געזאגט — די זיסע בעשעפעניש'ען זענען אונגעדולדיג, שרעקליך אונגעדולדיג זאָל זיי גאָט בענשען!

מיט שמחה האָט ער בעגריסט אלע, וואָס ער האט בעגעגענט אויף דעם וועג. זיי האָבען איהם טרויריג געענטפערט און מאַנכע האָבען איהם דערצעהלט פון זייער אונגליק.

זיי האָבען איהם עפּיס דערצעהלט, אַז בן־אבו האט געהייסען, אַז זיי זאָלען איהם געבען הונדערט דאָלאַר. זיי זענען ניט אימשטאַנד געוועזען איהם אזוי פיעל צו געבען, האָט דער סולטאַן היינט געמאַכט זייערע הייזער, דערנאָך איז ער אוועק מיט זיין גרויסער אַרמעע, צוואַנציג ווייבער און פּיפּצעהן געצעלטער, אום אין טעטואן אָבצוהאַלטען דעם יום־טוב פון נביא'ס געבורטס־טאָג.

ישראל האט נישט גוט פערשטאַנען, וואָס זיי דערצעהלען, האָטש ער האָט זיך בעמיהט אַלעס אויסצוהערען. זיינע געדאַנקען זענען געוועזען מיט עפּיס אַנדערש פערנומען. ער האָט געקלערט וועגען זיין צוקונפט. ער וועט אַוועק פון מאַראָקא צוזאַמען מיט נעמי׳ן און פאָהרען קיין ענגלאַנד, וואָס איז דאָס פאָטערלאַנד פון זיין מוטער. עס וואַרטען טאַקי דאָרט אויף איהם קיין גוטע פריינד נישט, נאָר צו וואָס דאַרף ער עמיצין? פון זיינע קרובים וועט ער בעקומען עפּיס אַ ווינקעל, וואו דעם קאָפּ אנדערצילעגען, ער איז דאָך אַלט און שוואַך, צובראָכען.

זיין מוטער! און רות! נעמי איז דאָך איהם געבליבען! הייך, מיט געפיהל האָט ער דעם נאָמען איבער׳חזר׳ט און זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער גלעט איהרע ויידענע האָר. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען צו לאָכען פון זיך זעלבסט, אַז ער איז אזוי קינדיש געוואָרען.

די זון איז אונטערגעגאַנגען, ווען ער איז געקומען אין אַ דאָרף פון געצעלטער. אין מיטען, אויף אַ לעדיג אָרט זענען געוועזען בהמות; הינד און קינדער האָבען זיך געשפּיעלט. אין די געצעלטער זענען געזעסען מאַנסבילען און פרויען. פייער האָט געברענט

אונטער די קעסלען, וואָס זענען געשטאַנען אויף דרייפוסען, און ישראל האָט זיך דער־מאָנט, אז א גאַנצען מעת־לעת האָט ער נאָך גאָר נישט געגעסען.

— איך מוז עפּיס עסען—האָט ער זיך געקלערט—האָטש איך בין נישט הונגעריג.

ער איז צוגעגאַנגען צו די געצעלטער און די אַראַבער האָבען איהם פריינדליך בעגריסט.

— ברוך הבא! — האָבען זיי געשריען — ברוך הבא!

ישראל איז אַריינגעגאַנגען אין אַ געצעלט. מען האָט איהם געגעבען שוואַרין ברויט און געבראָטענע אייער. דאָס עסען האָט איהם זעהר געשמעקט. אלע האָבען זיך געוויילט, געלאַכט און ישראל האָט זיך אויך גוט געפיהלט.

— א ווייטען וועג האָסט דו פאַר דיר, ברודער? — האָט מען איהם געפרעגט.

— אָה, ניין, ניין, נור קיין סעמסי געה איך — האָט ער געענטפערט.

— דו מוזט דאָ נעכטיגען! — האָט איהם א אַראַבער פערבעטען.

— אָה, ניין, איך קען נישט!

— דו קענסט נישט?

— זעהט איהר, איך געה צו מיין טאַטען. זי איז געביך איינע אליין און שוין עטליכע הדשים האָט זי איהר אַלטען פאָטער נישט געזעהען. נישט גוט איז, אַזוי לאַנג נישט צו זיין אין דער היים, די זיסע בעשעפענישען זענען אַזוי אונגעדולדיג. זיי שטעלען זיך באַלד פאָר גאָט ווייס וואָס... ברוך מען זיי אַלזאָ צו טרייסטען, נישט אַזוי?

— יאָ, נאָר די נאַכט קומט אָן, אַ זעהר פינסטערע נאַכט! — האָט איהם אַ ברוי געוואַרענט.

— עס שאַדט נישט, עס שאַדט נישט, שוועסטער! — האָט ישראל געענטפערט— בלייבט אַלע געזונד, בלייבט געזונד!

ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פרעהליכען שמייכעל. פון די שפּיין בערג האָט זיך אַראָבגעלאָזט א געדיכטע, פינסטערע נעפּיל ווי א זעהר טונקעלער פאָרהאַנג. קיין איין שטערן אויפ'ן הימעל, קיין ליכטיל אויף דער ערד האָט ער נישט געזעהען, פינסטער־נייש האָט ער געהאַט פאַר זיך, פינסטערנייש אונטער זיך. אַווילע האָט ער זיך געדוקט טאַפּ־פענדיג, יעדער טריט איז איהם שווער אָנגעקומען, עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז די ערד פאַלט איין אונטער איהם. א קאַלטער שווייס האָט איהם דעם שטערן בענאָסען און דערהערענדיג פון נאָהענט אַ געריש פון א טייך, האָט ער זיך געמוזט אַנידער שטעלען.

— און אפשר איז גאָר בעסער, וואָס איך מוז דאָ אַברוהען — האָט ער זיך גע־קלערט — איך מוז דאָך די נאַכט שלאָפען, כדי איך זאָל מאָרגען קענען פערברייננגען אַ גאַנצע נאַכט מיט נעמי'ן, איהר דערצעהלען אלעס, פון איהר אלעס אויסהערען!

די געדאַנקען האָבען איהם בערוהיגט און ער האָט זיך בעמיהט אַנטשלאָפען צו ווערען אויף דעם גראָז.

ווען ער האָט זיך פון שלאָף אויפגעהאַפּט, האָט שוין די זון געשיינט. אַריבער־געהענדיג דעם טייך, וועלכענס געריש ער האָט ביי נאַכט געהערט, האָט ער שוין גע־זעהען די הייזער פון טעטיען.

אבער ווי משונה'דיג איז איהם עפּיס אויף דער נשמה! עפּיס ווערט זיך די גאנצע וועלט פאַר איהם! צי בלענדט איהם די זון דעם היינטיגען מאָרגען, צי ווערט ער בלינד? אפשר ווערט ער טאַקי בלינד? נאר וואָס שאדט עס! קיין גרויסע זאָרגען וועט ער זיך דערפון נישט מאַכען, אויב נור נעמי זעהט. זי וועט קוקען פאַר איהם, אַך, ווי זיס איז צו קוקען מיט נעמי'ס אויגען! נעמי איז יונג, לוסטיג, פרעהליך און גליקליך! די גאנצע וועלט איז פאַר איהר ניי, וואונדערבאַר שען, דאָס וועט זיין זיין צווייטע, בעסערע יוגענד!

נעמי... נעמי... אַלע מאָל נור נעמי! ער האָט שטענדיג געהאַט זי פאַר די אויגען, אַזוי ווי ער האָט זי איבערגעלאָזט אין דער היים. איצט האָט ער אָנגעהויבען צו קלערען, אויב זי האָט זיך נישט געענדערט. זייט ער האָט זי נישט געזעהען, צוויי און א האַלבען חדש... אַזוי לאַנג!

ווי אין חלום האט ער זי געזעהען, אַז זי איז שוין נישט קיין קינד, נור א הערליך שענע פרוי. פון איהרע גרויסע, ליעבליכע אויגען שיינט אַרויס איהר גוטע גרויסע נשמה... ער אַליין געהט צו איהר נישט דרייסט, מיט הכנעה... נאָר וואָס? ער איז פאָרט איהר פאָטער... איהר אַלטער, שוואַכער, האַלב־בלינדער פאָטער און זי פיהרט איהם אין דערצעהלט, וואָס עס איז אַרום זיי. און ער זעהט און הערט דאָס אַלעס! ער הערט נעמי'ס קול:

א בויגען אויפ'ן הימעל... אַ בלויער הויטער, פּורפּור... א!

און דערנאָך הערט ער זיין אייגען קול, ווי ער דערקלערט:

— דאָס איז אַ רעגענבויגען, מיין קינד!

ער בעמיהט זיך צו דערמאַנען ריכטיג נעמי'ס קול, דאָס קול פון איהר מוטער ריזה, דאָס ליעד, וואָס זי האָט געפלעגט צו זינגען און וואָס ער האָט געהערט ווי נעמי האָט געזונגען יענע נאַכט, ווען ער איז אַהיים געקומען אין די מיידישע קליידער פון די אָרימע גאַסען.

שלעפענדיג מיט שווערקייט זיינע שווערע פיס, האָט ער אַליין אָנגעהויבען צו זינגען... שטיל, שוואַך, ווילענדיג זיך אַליין נאַרען, אַז עס איז נישט זיין, נאָר נעמי'ס קול.

אין מיטאָג־צייט איז ער געשטאַנען נעבען די וואַלען פון טעטועין. דאָ האָט ער בעגעגענט א עדה יודען, וואָס זענען געשיקט געוואָרען צו איהם פון דער יודישער קהלה. דערזעהענדיג ישראל'ן זענען אַלע דערשראָקען געוואָרען. ווען ער איז אַרויס פון טעטועין, איז ער שוין נישט געוועזען יונג. ער איז שוין אַלט געוועזען פופציג יאָהר, אָבער ער איז נאָך געוועזען שטאַרק געזונד, פול לעבען און ענערגיע. עס איז פון דאַמאָלס אָן ערשט זעקס חדשים פאַריבער און ער קומט צוריק צוברָאכען, איינגעבויגען ווי א אכציג יעהריגער זקן. דאָס האָרין האָט זיי געציטערט קוקענדיג אויף איהם און ערשט נאָך א לאַנגע ווייל איז צו איהם צוגעגאַנגען דער עלטסטער פון זיי, שלמה לארעדאָ און געזאָגט:

— ישראל בן עליאל, אונזער אָרימע שטאָדט איז אין א גרויסער צרה. מיר דאַרפען צו דיר האָבען, דו זאָלסט אונז ראַטעווען. מיר האָבען געגען דיר שלעכט געהאַנדעלט, נאָר גאָט האָט אונז שוין דערפאַר געשטראָפט. איצט זענען מיר ברידער

קום צוריק צו אונז, מיר בעטען דיך! מיר ערוואַרטען איצט גרויסע נייעס. הער אויס!

דערנאָך האָבען זיי איהם עפּיס דערצעהלט פֿון מאחמעד'ן פֿון מאקינעין וואס איז אַ גוטער מענש און אויך פֿון הישפּאנער, וואס באַמבאַרדירען מארטעל און ווילען דערנאָך קומען קיין טעטויען.

ישראל האָט אבער פֿון דעם אַלעם גאַנץ ווענינ געהערט.

עס דאַכט זיך מיר, אַז איך ווער טויב — האט ער געזאָגט און פֿרעהליך געלאַכט אום צו ווייזען, אַז ער מאַכט זיך דערפֿון נישט — און האָטש איך האָב זעהר פֿיעל מיטלייד מיט אייך, מיינע אָרימע ברידער, דאָך קען איך אייך גאָר נישט העלפֿען. גאָט וועט אייך שיקען אַ בעסערען מענשען!

— קיינמאל נישט! — האָבען אַלע צוזאַמען געענטפֿערט.

— סיי ווי סיי וועל איך שוין מיט אייך נישט לעבען צוזאַמען. איך וויל שוין נישט קיין ממשלה, קיין עשירות. איהר קענט ענגלאַנד? אַהין וועל איך פֿאָהרען און איך וועל מיטנעהמען מיין קליינינקע. איהר געדענקט זי דאָך! נעמי... אַזא וואוני־דערבאַר קינד. איצט זעהט זי שוין, זי הערט, און רעדט! גאָט האט פֿון איהר אַראָב־גענומען זיין כעס און איך איל מיך טאַקי צו איהר, אום צו זיין זעהר גליקליך. אַזוי, ברידער, איך מוז מיך מיט אייך געזעגנען. די קליינינקע וואַרט דאָרט. איך קען זי נישט לאָזען אַזוי לאַנג ליידען... ניין... ניין!... בלייבט געזונד, בלייבט געזונד!

זעהענדיג ווי ער לויפֿט צו נעמי'ן, ווי זיכער ער איז, אַז זי וואַרט אויף איהם, איז קיינער פֿון זיי נישט הרייסט געוועזען איהם דעם שרעקליכען אמת צו זאָגען. אַ אונגעהייער רחמנות האָט זייערע הערצער ערפֿולט. לאַנג זענען זיי געשטאַנען שטיל און געקוקט אויף ישראל'ן וואָס איז פֿון זיי אַוועקגעגאַנגען, ביז ער איז זיי פֿער־שוואונדען געוואָרען פֿון די אויגען אויף יענער זייט בארג.

וואס נעהנטער ער איז געוועזען צו זיין הויז, האט ער מעהר אונרוה געשפּירט אין האַרץ און פֿון זיינע פֿערשוואַכטע אויגען האָבען איהם טרעהרען געריגען.

ער האט בעקלערט פֿערשיעדענע אונגליקען, וואס האבען געקענט טרעפֿען נעמי'ן אין דער צייט, וואס ער איז נישט געוועזען אין דערהיים. די ביטערע געדאַנקען האבען איהם געיאָגט, ער זאָל געהן גיכער, גיכער; די פֿיס זענען איהם אבער גע־ווען שרעקליך פֿערמאטערט און ער האט זיך געקויקעלט אין אַלע זייטען.

ענדליך האט ער זיין הויז דערזעהען פֿון דער ווייטענס.

— דאָרט איז זי! — האָט ער געשריען און זיך זעלבסט געוויזען דאס הויזיל מיט'ן פֿינגער — דאָרט איז זי, איך זעה זי!

עטליכע מינוטען שפּעטער איז ער געשטאַנען ביי דער שוועל.

— ניין! די אויגען האָבען מיך גענאַרט — האט ער ארויסגעשריען מיט שרעק — נאָר אפשר איז זי אַריינגעגאַנגען אין שטוב אריין... אפשר האָט זי זיך בעהאַלטען... מיין זיסע, ב'הנ'טע!

די טהיר איז געוועזען האַלב אָפֿען; ער האט זי אויפגעשטופּט און אַריינגעגאַנגען.

— נעמי! — האט ער געשריען מיט אַ ציטעריג קול — נעמי! קום, מיין טהייערע, גיכער, גיכער, וואָרום איך זעה נישט!

ער האט אונטערגעהערבט. ער האט אבער גאר נישט געהערט.

— נעמי!— האט ער אַרויסגעשריען מיט אַ דערשטיקט קול.

אַ ווײַלע איז ער שטיל געשטאַנען, דערנאָך האָט ער שטיל קוים אַרויסגערעדט:

— זי איז נישט דאָ!

ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען און אויפגעהויבען אַ פערבלאַטיגטען פאַנטאָפעל פון דער ערד. ער האט איהם אנגעקוקט, און זיין פנים איז שרעקליך, משונה׳דיג געוואָרען.

— זי איז געשטאָרבען, נעמי איז געשטאָרבען!

נישט איינמאל האט ער דעם טויט אין זינען געהאט. ער האט געקלערט, אַז ער וועט שטאַרבען, אַנדערע מענשען וועלען שטאַרבען, אבער נעמי... דאָס איז איהם קיינמאל נישט געקומען אויף די געדאַנקען, אַז זי וועט שטאַרבען. פלוצלינג זעהט ער אַז זי איז געשטאָרבען.

אונמעכטיג, צובראָכען, איז ער געשטאַנען אין מיטען שטוב מיט׳ן פאַנטאָפעל אין דער האנד. נאר פלוצים האט ער דערהערט טריט. האט ער גיך אַוועקגעוואָרפען דעם פאַנטאָפעל און אויסגעצויגען די אַרמען.

— נעמי!... דאָס איז אַודאי זי!

עס איז אבער געוועזען פאַטימא. זי איז געקומען צולויפען בסוד, כדי ישראל זאָל נישט צו פלוצלינג געוואהר ווערען, וואָס מיט נעמי׳ן איז געוואָרען.

— וואו האט מען זי מקבר געוועזען? — האט ער זי געפרעגט.

פאַטימא האָט באלד זיין טעות פערשטאַנען.

— נעמי לעבט — האט זי איהם געזאגט — און זי איז געזונד, געזונד!

ישראל האָט זיך אַרויפגעוואָרפען אויף איהר האַלז און אַ געשריי געטהון:

— וואו איז זי? פיהר מיך צו איהר, מיין גוטע נשמה! פאַר וואָס איז זי נישט דאָ? פיהר מיך צו איהר, פיהר מיך!

פאַטימא האט זיך די הענד פערבראָכען.

— אַ דאָס איז אונמעגליך! האט פאַטימא געשלוכצט — דו קענסט נישט געהען צו איהר און זי קען נישט קומען צו דיר. נאָר זי איז געזונד, געזונד! דאָס אָרימע קינד איז אין קאַיד׳ס שלאָס... ניין, ניין, זי איז נישט אין דער תפיסה... אָ, ניין... זי איז גליקליך... דאָס הייסט, זי איז געזונד און מען זעהט, אַז עס זאָל איהר נאָר נישט פעהלען... טאקי, יאַ... זי איז אין פאלאַץ... אין פרויענפאלאַץ... נאָר זיי רוהיג... זי...

— אין פאלאַץ — האט ער מיט בעוואונדערונג געזאָגט — אין פרויען־פאלאַץ... פאַטימא, איך מוז געהען צו נעמי׳ן!

— נעביך, נעביך! — האָט די שוואַרצע שקלאַפין געיאָמערט — דו וועסט קיינמאל דיך מיט איהר ניט זעהען!

— פאַטימא! — האט ישראל מיט אַ שרעקליכער רוהע געזאָגט — דו זעהסט דאָך, אַז איך בין צוריק אַהיים געקומען, זעהר לאַנג האָב איך נעמי׳ן נישט געזעהען. דו פערשטעהסט נישט, אַז איך מוז געהען צו נעמי׳ן? איך מוז געהען צו מיין טאָכטער!

— יא, יא! — האט פאטימא געשלוכצט — דו וועסט אבער קיינמאל נישט קענען געהען צו נעמי׳ן, זי איז אין הארעם!

פון ישראל׳ס האלז האט זיך ארויסגעריסען א שרעקליך מורא׳דיג געשריי.

— דאס ארימע קינד איז גאר נישט שולדיג — האט פאטימא מיט געוויין געזאגט — הער נור אויס, הער אויס!

ישראל האט זי אבער נישט געוואלט הערען, עס האט זיך אין איהם ערוועקט א שרעקליכער כעס און ער האט קיין ערקלערונג נישט געוואלט הערען.

— שוויג! — האט ער שרעקליך געשריען — שוויג! וואס האסט דו צו רעדען? זי איז אין פאלאץ... און געגוג... אין פרויענפאלאץ... אין הארעם... וואס האסט דו מעהר צו רעדען?..

— אוי, רבונו של עולם! — האט ער געשריען — מיינע שונאים ווארפען מיך אין דער תפיסה אריין, איך פייל דארט, שטארב דארט פון הונגער... און קלער נור פון מיין קליינער, וואס איז אליין איבערגעבליבען, איך איל מיך צו איהר, וויפיעל איך האב גור כח, און וואו איז זי? זי איז אוועקגעגאנגען! וואוהין? אין מיינע שונאים׳ס הויז! א קללה אויף איהר! א, ניין, ניין, ניין! רבונו של עולם, זיי איהר מוחל!... נאר דער פאלאץ... דער פרויענפאלאץ! נעמי! מיין קליינינקע! איהר פנים איז געוועזען אזוי זיס, אזוי קינדיש! איך וואלט געשווארען, אז זי איז א אונשולדיגע! מיין טויביל! אז איך האב גור א קוק געטהון אויף איהר, האב איך שוין געוואוסט, אז זי ליעבט מיך! און איצט איז זי אין הארעם!... דאס גיהינום!... און בן־אבו... דער פערשייטער! איך האב זי פערלא־ען אויף אייביג! נאר איהר נשמה געהער צו מיר... צו מיר, צו מיר!...

פלוצלינג האט ער אויפגעהערט צו רעדען און זיין פנים איז זעהר בלאס געווארען, ער איז געפאלען אויף די קניה, די אויגען און די הענד האט ער אויפגעהויבען צום הימעל און מיט א שטארק, שרעקליך קול געשריען:

— הרג׳ע זי, גאט! הרג׳ע איהר גוף, גאט מיינער, אום איהר נשמה זאל ווידער מיין זיין!

פאטימא האט געזעהען, אז ער האט דעם שכל פערלארען, און זי האט דא דערווייל גאר נישט צו טהון. זי איז אהיים געגאנגען און ווען זי איז אויף מארגען ווידער געקומען געוואהר ווערען, וואס ער מאכט, האט זי איהם געטראפען זיצענדיג פאר׳ן הויז און קוקענדיג מיט אויסגעלאשענע אויגען. ער האט גערעדט צו זיך אונפערשטענדיגע ווערטער. יעדע מינוט האט ער נעמי׳ס נאמען דערמאנט, א מאל מיט שנאה א מאל מיט ליעבע. א מאל האט זיך איהם געדאכט, אז ער איז אין דער תפיסה און ער האט געבעטען גאט, אז ער זאל איהם בעפרייען, אמאל האט זיך איהם געדאכט, אז עמיץ רופט איהם:

— ישראל בן עליאל! ישראל בן עליאל:

און ער האט געענטפערט:

— דא בין איך, דא!

אַ מאָל האט ער גערופֿען ווי ער וואלט נאך געוועזען א העדר און ער וואָלט געהאַט שקלאַפֿען:

— גיט מיר מיינע מלבושים!... ריינע מלבושים... ווייסע מלבושים... איך געה צ'ם קאיד!

---

## עפּילאָג.

ווען איך בין אם 8טען דעצעמבער 1859 צוריק געקומען פֿון ישראל בן עליאל'ס הייזיל קיין טעטואן, איז שוין אַודאי געוועזען אַ שעה נאך דעם זון־אונטער־געהען. ווארום דער שמש פֿון גרויסען מעטשעט האט אויסגעזונגען דאס לעצטע אויסרופֿען צום אַיוענדגעבעט. אַלע האַטעלען זענען געוועזען פֿול און איך האָב גע־מוזט בעטען דעם קאיד, אַז ער זאָל מיר געבען א קוואַטיר צו נעכטיגען, ווייל איך האב געוואלט געוואהר ווערען דעם סוד פֿון דער מעשה מיט ישראל'ן און נעמי'ן, האָב איך נישט געשיקט זשעלאלי'ן אליין צום קאיד, נאָר איך בין געגאַנגען, און איהם מיט זיך מיטגענומען.

ווארטענדיג דא אויף דעם קאַיד אין א שמוציגען זאַל, וואס איז פֿול געוועזען מיט דעם ריח פֿון פֿערפֿוילטע פֿיש, האב איך בעמערקט אַ מוירין, וואס איז דורכגעלאָפֿען איינגעבויגען פֿון דער גאַס אויפֿ'ן הויף. איך האב געהייסען זשעלאלי'ן, ער זאָל זי חוקר ודורש זיין, אויב זי האט נישט עפּיס אַ שייכות מיט נעמי'ן.

נאָך איידער איך בין פֿון דעם קאַיד אַוועק געגאַנגען, האט מיר זשעלאלי איינגערוימט, אַז די מוירין איז געוועזען אַ שקלאַפֿין ביי ישראל בן עליאל און זי קען מיר ערקלערען די גאַנצע מעשה, וואס איז געשעהען מיט איהם און נעמי'ן. זי איז איצט געקומען פֿון ישראל'ן און איז זעהר בעזאָרגט איבער זיין געזונד. זעהענדיג איהר זאָרג, האט ער איהר געזאָגט, אַז איך בין אַ דאָקטאָר, און אויב זי וועט ביי נאַכט צו מיר קומען, וועל איך איהר הערין קענען געזונד מאַכען.

ביי נאַכט איז פֿאטימא געקומען צו מיר, אויף דער קוואַטיר, וואָס דער קאיד האט מיר געגעבען, זי האט מיר פֿיעל דערצעהלט פֿון ישראל בן עליאל. מיט גרויס כבוד דערמאנט זיין נאָמען און דעם נאמען פֿון זיין געשטאָרבענער פֿרוי. זי האט גע־וויינט, געקלאָגט רעדענדיג פֿון נעמי'ן, וועלכע זי האט אויפֿגעצויגען און צו וועלכער זי איז געוועזען ווי אַ מוטער.

אויף דעם מאָרגענדיגען טאָג זעהר פֿריה, האט מיך אויפֿגעוועקט דאס שיסען פֿון ארמאטען, וואס האט מודיע געוועזען, אַז דער סולטאַן געהט אין מעטשעט אריין. באַלד איז צו מיר געקומען זשעלאלי און מודיע געוועזען, אַז די יודישע ראשי הקהלה ווילען זיך מיט מיר זעהען.

דאס טרויערקייט, וואס איז געוועזען אויף די יודענס פּנים'ער, האט אין מיר ערוועקט זעהר פֿיעל רחמנות און מיט גרויס מיטלייד האב איך זייערע ווערטער אויס־געהערט.

זיי זענען געקומען מיר דערצעהלען, אז אין קורצען וועלען הישפאנער בעלעגרען די שטאדט און האבען מיך געבעטען אז איך זאל זיי העלפען אויסצוראטען די אכזרים, וואס הערשען איבער׳ן לאנד.

אין דער צייט, וואס איך בין געוועזען אין טעטועו, האבען זיי געזעהן, אז איך בין גוט צו זיי און דערהערענדיג, אז ישראל׳ס און נעמי׳ס גורל אינטערעסירט מיך זעהר, האבען זיי מיר צוגעזאגט צו שיקען איינעם, וואס קען מיר דערצעהלען די גאנצע מעשה מיט אלע פרטים.

דעם זעלבען טאג איז צו מיר געקומען א אבצעהניעהריגער מויר, וואס האט געהאט גרויסע, קלוגע אויגען, פיל מיט דרייסטיגקייט און ענערגיע.

ער האט מיר דערצעהלט, אז ער איז עלי, וואס איז אויפגעהאדעוועט געווארען ביי ישראל׳ן. אין קורצע ווערטער האט ער מיר דערצעהלט פון זיך, ישראל׳ן און נעמי׳ן, פון זיין אנטלויפען אין אויסלאנד און צוריקקומען. ווען ער איז געוואהר געווארען, אז דער קאיד האט ישראל׳ן אריינגעזעצט אין דער תפיסה, האט ער זיך געווענדט צו די הישפאנער, אז זיי זאלען די איינוואהנער פון מאראקא ארויסהעלפען פון זייער נויט. דאמאלס איז גראד דער סולטאן אנגעפאלען אויף די איינוואהנער פון די בע״ג, וואס האבען זיך געגעבענט פאר הישפאנישע אינטערטהענער. די שלוחים וואס די הישפאנישע רעגירונג האט געשיקט קיין פעץ, זענען צוריקגעקומען אונצופרידען. בכן איז בעשלאסען געווארען א מלחמה: פריהער צו באמבארדירען מארטעל און דערנאך אריין קיין טעטועו.

עלי האט געהאט היין דעם אזא פלאן: דעם לעצטען טאג פון מאהמעד אנישען יום־טוב וועט בן־אבו מאכען א מאלצייט פאר׳ן סולטאן, מיניסטארען, קאידען, קאליפען און אלע אנדערע רוצחים, די אלע הונד האט עלי געוואלט פערמאכען אין זאל, וואו דער מאלצייט וועט זיין בשעת די איינוואהנער פון דער שטאדט וועלען עפענען די טהויערען פאר די הישפאנער און דעם גאנצען פאלאין פערברענען מיט די אלע אכזרים צוזאמען.

אום דעם פלאן אויסצופיהרען, האט ער געברויכט איין הילף. ער האט פון מיר פערלאנגט, אז איך זאל זעהען מיר צו שאפען פון בן־אבו׳ן א איינלאדונג אויף דער מאלצייט, די וואכע וועט אבגערוקט ווערען פון שלאס און איך וועל פון מאלצייטזאל געהען אין דער תפיסה, בעפרייען נעמי׳ן, פערמאכען דעם שלאס, די שליסלען געבען עלי׳ן און דאמאלס וועט ער אונטערצינדען.

איך בין מודה אז די אונטערנעהמונג האט מיך זעהר געשראקען, קיין רחמנות אויף די אכזרים האב איך נישט געהאט, ניר מורא — טאמיר וועט דער פלאן נישט קענען אויסגעפיהרט ווערען.

— עלי — האב איך געזאגט — זאג מיר, צי ווילסט דו נור בעפרייען נעמי׳ן און זי פיהרען צום פאטער?

— יא, מיין הערר — האט ער זיך געענטפערט.

— און אויב דו וואלסט זי געקענט בעפרייען און די אלע אכזרים נישט אויסהרג׳ענען?...

— וואָלט פֿאַר מיר אויך גענוג געוועזען.

— נו, וועלען מיר פּרובען!

אויף מאָרגען אין דער פֿריה, בין איך געגאַנגען צום קאַיד אום צו פּרובען נעמ׳ן צו בעפֿרייען נאך אידער עליים נישט זיכערער פּלאַן ווערט אויסגעפֿיהרט.

בן־אבו האט מיך אָנגענומען אין אַ פֿינסטער צימער, וואו איך האָב קוים זיין פּנים געזעהען. ער איז געלעגען אויסגעצויגען ווי אַ הונד אויף אַ דיוואַן און דעם קאָפּ האט ער אָנגעשפּאַרט אויף די הענד.

— ברוך הבא!— האט ער געזאָגט מיט אַ הייזעריג קול און זיך פֿון אָרט נישט גערירט — וואָס פֿערלאַנגסט דו?

איך האב אַלעס קורץ ערקלערט, וואָרום דער כעס האט מיר געשטיקט. איך האב איהם געזאָגט, אַז אויב ער וועט נעמ׳ן אין גוטען נישט בעפֿרייען, וועט איהם ערגער זיין ווי איהר.

בן־אבו האט געהאָרכט מיט בעוואונדערונג און שרעקליכען כעס. זיינע בעוואַ־פֿענטע אַדיוטאַנטען, וואָס זענען געשטאַנען אין דער צווייטער זייט פֿון זאַל, האָבען געציטערט פֿון שרעק.

ענדליך האט זיך דער באשא אויפֿגעהאָפּט און געשריען:

— אללאה! ווער איז דער קריסט?

דערנאך האט ער נאָך שרעקליכער געשריען:

— מיין הערר, איך קען דיך! דו מיינסט נישט דאס מיידיל, דו מיינסט נאַר־עפּיס אַנדערש! דו ביסט אַ שפּיאָן און ביסט דא געקומען, אום אונזער אמונה אויס־צוראָטען און די רעגירונג צו פֿערטילינגען. דו פֿערדיענסט דעם טויט און ביי אללאה׳ן שווער איך, אַז דו וועסט געהרג׳עט ווערען!

איך בין מודה, אַז איך האָב זיך זעהר געשראָקען. מיר איז נאָר נישט איינ־געפֿאַלען, אַז בן־אבו וועט אַזוי די זאַך אנגעהמען. דאך האָב איך מיך געשטאַרקט רוהיג צו זיין, און קוקענדיג איהם גלייך אין פּנים אריין, האב איך קאַלטבלוטיג גע־ענטפֿערט:

— בן־אבו, בעט גאָט אַז ער זאָל דיר מוחל זיין, דו האָסט געזאָגט, אַז דו וועסט מיך הייסען הרג׳ענען. דו וועסט דאס אבער נישט טהון. דו טאָרסט דאס נישט טהון!

— פֿאַר וואָס טאָר איך דאָס נישט טהון? — האט ער געשריען — ווער וועט מיר שטערען? איך קען דאָס אפילו שוין טהון און קיינער וועט נאָר נישט וויסען!

איך האָב דערקענט, אַז ער האט שוין אנגעהויבען אַביסיל מורא צו האָבען.

— באשא! — האב איך אנגעהויבען איהם מעהר צו שרעקען — באשא, צי מיינסט דו, אַז דו האָסט פֿאַר מיט אַ קינד? צי מיינסט דו, אַז געהענדיג צו דיר, האב איך קיין פֿאָרברייטונג נישט געמאַכט? צי מיינסט דו, אַז חוץ אונז וויים קיינער נישט, אַז איך בין צו דיר געגאַנגען און קיינער וואַרט נישט אויף מיר? אדער אפשר מיינסט דו, אַז די רעגירונג פֿון מיין לאַנד וואָלט דיר געשוויגען, אויב דו וואָלסט מיך

געיהרג'עט? בן־אבו, „איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, בעט גאָט, אַז ער זאָל דיר מוחל זיין, ווארום דו ביסט משוגע!

בן־אבו האָט געגלויבט די גאַנצע אויסגעטראַכטע מעשה און איז זעהר בעשראָקען געוועזען. ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען און דערנאָך געפרעגט:

— און וואָס וועט זיין, אַז איך וועל דאָס מיידיל נישט בעפרייען?

— וועסט דו אַליין שולדיג זיין — האָב איך געענטפערט — אויב עס וועלען אויף דיר קומען אַזוינע אונגליקען, וואָס דו קענסט דיר אַליין נישט פאָרשטעלען!

— וואָס פאַר אונגליקען?

איך האָב מיך דערמאָנט, אַז איך האָב עלין צוגעזאָגט צו האַלטען בסוד אַלעס, וואָס ער האָט מיר דערצעהלט און איך האָב דעם קאַיד קיין תשובה נישט געגעבען.

— וואָס פאַר אונגליקען? — האָט ער נאָך אַ מאָל געפרעגט מיט כעס:

איך האָב עטליכע ווערטער אַרויסגערעדט און שטיל געבליבען.

בן־אבו האָט אנגעהויבען הויך צו לאַכען.

— פיהרט אַרויס דעם קריסט! — האָט ער דערנאָך געשריען אויפהויבענדיג זיך אויף די הענד.

איך בין בייז געוואָרען אויף מיר זעלבסט. נישט נור איך האָב גאָר נישט גע־פועל'ט, אָבער איך מיר אונמעגליך געמאַכט עלין בייהילפיג צו זיין אויסצופיהרען זיין פלאַן. וואַרפענדיג אַ בליק פול מיט שנאה אויף דעם נאַרישען אַכזר, בין איך אַרויס־געגאַנגען.

נאָר זייענדיג ביי דער טהיר, האָב איך דערהערט בן־אבו'ס קול:

— וואַרט נור! דו ביסט אַ ענגלענדער און איך ליעב זעהר אַלע ענגלענדער. דאָס מיידיל וועט פוילען אין דער תפיסה, ביז זי וועט ווידער אָנגעהמען דעם נביא'ס אמונה און זי וועט הרטה האָבען אויף דעם, וואָס זי האָט זיך פון איהר אָבגעזאָגט. נאָר דיך פערבעט איך אויף דעם מאָלצייט, וואָס איך וועל מאַכען פרייטאג ביי נאַכט. — נעמסט דו אָן?

איך האָב נישט געענטפערט. איך בין דערשראָקען געוואָרען זעהענדיג, ווי ער לויפט אַליין צום אונגליק.

— נעמסט דו אָן? — האָט ער נאָך אַמאָל געפרעגט הויך.

— יאָ — האָב איך געענטפערט שטיל.

צומאָרגענס בין איך געגאַנגען בעזוכען ישראל בן עליאל, ווי איך האָב פּאַטימאַ'ן צוגעזאָגט. איך האָב נישט געהאַט קיין רפואה אויף זיין גוף'ס יסורים, נור זיינע האַרץ־שמערצען האָב איך געקענט היילען.

ער האָט געמיינט, אַז נעמי האָט איהם אַוועקגעוואָרפען און אַז זי איז געלאָפען צו זיינע שונאים מיט איהר גוטען ווילען, און בשעת ער איז קראַנק און ליידט שרעקליכע יסורים אין דעם אָרימען עלענדען ה'זיל, האָט זי אין הארעם די גרעסטע תענוגים, די דאָזיגע פאַלשע מיינונג, וואָס זי איז געוועזען די סבה פון זיין שגעון, האָט מען געברויכט אַרויסצונעהמען פון זיין האַרץ, אין דעם טעות בריך ער נישט לעבען און נישט שטאַרבען.

איך בין צו ישראל'ן געקומען בשעת ער איז געוועזען ביים שכל. ער איז געזעסען זעהר טרויריג אויף דער שוועל און אין זיינע פערוואלקענטע אויגען האט מען ערקענט, אז ער איז נישט זעהר קלאר.

איך האב איהם בעגריסט און ער האט מיר געענטפערט מיט א לייכטען שאקעל מיט'ן קאפ. איך האב מיך געזעצט נעבען איהם, ער האט אבער זיך אויף מיר כמעט נישט אומגעקוקט. דאך האב איך איהם אנגעהויבען צו דערצעהלען, ווער איך בין און צו וואס איך בין צו איהם געקומען.

אין אנהויב האט ער געהארכט מיט א קאלט רוהיגקייט. עס האט זיך מיר געדאכט, אז זיין הארץ איז שוין גאנץ פערפרוירען געווארען, דאס פנים, אפילו די נערווען אין די פינגער זענען געווארען ווי שטיינער.

איך האב איהם דערצעהלט, אז איך האב געזעהען נעמי'ן; ער האט נור געשאקעלט מיט'ן קאפ, גאר נישט געזאגט און איז רוהיג געבליבען. דערנאך האב איך איהם ערצעהלט ווי אזוי נעמי איז געקומען אין דער תפיסה אריין; ביי דעם איז ער אויך רוהיג געבליבען. נאכדעם האב איך איהם דערצעהלט, ווי דאס ארימע מיידיל האט איהם געוואלט טראגען עסען און זי איז געפאלען אין האביבאה'ס האנד אריין; דאמאלס האב איך דערזעהען, אז זיין הארץ הויבט אן צו פיהלען שמערצען. דערנאך האב איך איהם דערצעהלט אלע פרטים פון איהרע לײדען אין בן־אבו'ס שלאס, און ווי אזוי זי האט דערנאך זיך אנטערגעגעבען, נור אום איהר פאטער זאל בעפרייט ווערען.

דאמאלס האב איך ערשט דערזעהען, ווי דאס אייז צוגעהט. זיינע הענד און זיין פנים האבען שרעקליך געציטערט און ער האט מורא'דיג אנגעהויבען צו וויינען.

— מיין ארים קינד! — האט ער געקלאגט און דערנאך באלד געפרעגט, וואו זי איז איצט.

איך האב איהם געזאגט, אז מען האט זי ווידער גענומען אין דער תפיסה אריין, ווייל זי האט נישט געוואלט אנגעהמען דאס גליק, וואס מען האט איהר געגעבען: זי האט נישט געוואלט זיין דעם סולטאנס ווייב און האט הרטה בעקומען — ווי איך האב געהערט פון בן־אבו'ס מויל — אויף דעם וואס זי האט אנגענומען מאהמעד'ס אמונה.

— מיין ארים קינד! — האט ער שטיל געזאגט און אויף זיין פנים האט זיך געוויזען גאוה.

ער האט אויפגעהויבען די אויגען, ווי ער וואלט אויף איהר געקוקט און האט אנגעהויבען צו רעדען, ווי זי וואלט זיינע ווערטער געהערט:

— זיי מיר מוחל, נעמי, זיי מיר מוחל, מיין ארים קינד! זיי מוחל דיין אלטען, קראנקען פאטער, זיי מיר מוחל, מיין ארים קינד!

— אבער קיין האפנונג האב איך שוין נישט זי צו בעפרייען! — האט ער מיך געפרעגט — איך האב מיט איהר געוואלט פאהרען אין דיין פאטערלאנד, קיין ענגלאנד!

— אוז דו ווערסט מיט איהר פאהרען! — האב איך איהם פערזיכערט,

די איבריגע צוויי טאג, וואס איז מיר געבליבען ביז פרייטאג, האב איך מיך ארומגעדרעהט אין די גאסען און צוגעקוקט ווי די איינוואהנער פון דער שטאדט פערברייננגען

זייער יום־טוב. זיי האָבען געשאָסען מיט לאַנגע ביקסען, געשפּיעלט אויף דזינברי און דער עיקר איז ביי זיי געוועזען בעטלען. עפּיס א לאהמער אין אָבגעריסענע מלבושים איז געלאָפען אין די גאַסען מיט אַ ברויט אין דער האַנד און געשריען:

— אַ לויט פּוטער, האָט רחמנות!

אַ קליינער אַראַבער איז אַרומגעלאָפען באָרפוס אין דער שטאָדט מיט איין פּאַנד טאָפּעל אין דער האַנד און בעשוואָרען, אַז מען זאָל איהם געבען אַ מטבע אויף צו קויפען אַ צווייטען פּאַנטאָפּעל.

יעדען אין דער פריה איז דער קאליף געפאהרען אונטער אַ רויט שירמיל אין גרויסען מעטשעט אַריין און יעדען אָווענד איז ער געזעסען אין טריבונאל, מכלומר׳שט אום אויסצוהערען די אַרימע לייטס בקשה און באמת נור אום צו פּערקויפען קמעות *).

צום ערשטען איז צו איהם צוגעגאַנגען אַ אַלטער, אויסגעדאַרטער מאַן און אנדער לעד גענדיג אַ גרויסע מתנה, האָט ער הייס געבעטען:

— אַ קמיע, איין יונגע פרוי זאָל מיך ליעב בעקומען!

דערנאָך איז צוגעגאַנגען אַ אַלטע פרוי אין אַ שלייער אויפ׳ן פּנים און געבעטען:

— אַ קמיע, עס זאָל אָבגעטהון ווערען די שענקייט פון מיין מאַנס יונגע פרוי!

— אַ קמיע אויף קינדער האָבען! — האָט אַ יונגע פרוי געבעטען מיט טרעהרען.

דער גראָבער סולטאַן האָט יעדען געגעבען אַ שמוציג, פערשריבען שטיקיל פּאַפּיער און די גאָלדענע מטבעות אַריינגעוואָרפען אין זאַק פון זיין שאַצמייסטער.

ענדליך איז אָנגעקומען דער אַכטער טאָג פון מאהמעדאַנישען יום־טוב, פרייטאג. די לופט איז פול געוועזען מיט שיסעריי פון לאַנגע ביקסען, אין די גאַסען האָבען גע־רוישט פון די יונגליך, וואָס מען האָט געפיהרט אויף אייזלען צוריק אַהיים פון גרויסען מעטשעט נאָך דעם מל־זיין **). וואו מען האָט נור געקענט זיכער רעדען, האָבען זיך מענד שען פערזאַמעלט און געשמועסט פון דעם, וואָס עס וועט באַלד געשעהען. עלי האָט אלעס פּאָרבערייט מיט פּאָריכטיגקייט און מיט חכמה, די אבזרים׳ס מפּלה איז געוועזען זיכער.

אין אָווענד זענען צו מיר געקומען צוויי זעלנער מיט לאַמטערען, אום מיך צו פיהרען אין שלאָס אריין. אין א גרויסען זאל האָבען זיך שוין געהאט פיעל געסט פערזאַמעלט און געוואַרט אויף ד׳ם סולטאן. ענדליך איז ער געקומען.

— שלום עליכם! — האָבען אלע געשריען און זיך געבוקט.

— עליכם שלום! — האָט ער געענטפערט.

— גאָט זאָל דיר געבען ברכה!

— אַ ברכה אויף איך!

קוקענדיג אויף די פערזאַמעלטע אין גאַנצע, אין ווייסען און אין פּורפור, וואָס האָבען זיך מיט נייגען און בוקען געשטופּט צום מאלצייט, האָב איך מיך דערמאַנט

*) די מאהמעדאַנער גלויבען, אַז דער סולטאן איז א הייליגער מאַן און זיינע ברכות ווע־רען מקוים. דעריבער קויפען זיי אין מאראָקאָ קמעות ביים סולטאן

**) די מאהמעדאַנער זענען מל זייערע קינדער ווען זיי זענען אין דרייצעהנטען יאהר אין דעם אכטען טאָג פון זייער יום טוב פון מאהמעד׳ס געבורטסטאָג.

די אָרימע נעמי, וואס ליגט אין דער נאַסער פינסטערער תפיסה און דעם אונגליקליכען, קראַנקען ישראל.

איך בין ארויס פון זאַל און נעגאנגען צו דער תפיסה.

— אוי, מיין פאָטער! — האט זי א־ויסגעשריען, ווען איך בין אריינגעקומען.

זי האט אודאי איהר פאַטער אין זינען געהאט און דעריבער ווען זי האט דער־זעהען א מאַנסביל האט זיך איהר גערֿאכט, אז איהר פאטער האט זיך דא אריין גע׳גנב׳עט צו איהר.

איך האב איהר ערקלערט קורץ, ווער איך בין און נאך וואס איך בין צו איהר־געקומען. איך האב איהר דערצעהלט, אז איהר פאָטער איז שוין נישט אין דער־תפיסה, נאר אין דער היים און וואַרט אויף איהר אום מיט איהר צו פאָהרען קיין ענגלאַנד.

זי האט נעלאַכט און געוויינט, געציטערט און געפּלאַטערט און דאס פנים איז איהר שרעקליך געענדערט געוואָרען.

איך האב זי ניך גענומען און דורך פינסטערע קאָרידארען געגאנגען מיט איהר צום גאָרטען און פון דאָרט, דורך דעם טהויער בין איך מיט איהר ארויס פון שלאָס.

אין שטאָדט האט מען קיין מענש נישט געזעהען; אומעטום איז געוועזען שטיל. נור פון דער ווייטענס האט מען געהערט ווי פיעל שאָף־טרייבען. די הישפּאנער זענען אַנגעקומען און די איינוואָהנער פון שטאָדט זענען זיי אַנטקעגען געגאַנגען.

אין טהויער באַב־טוט האב עלי מיט אונגעדולד געוואַרט אויף אונז.

— וואו איז דער שליסעל פון שלאָס? — האט ער געפּרעגט.

איילענדיג זיך מיט נעמי׳ן ארויסצוגעהען פון דער תפיסה, האב איך גאר פערגעסען, אז איך האב געדאַרפט פערשליסען דאָס טהויער פון שלאָס און צו געבען עלי׳ן דעם שליסעל.

— עס שאַדט נישט! — האט ער פערזיכערט — גוט, וואס דו האָסט נעמי׳ן ארויסגעפיהרט. מיט׳ן איבריגען קענסט דו דיך אויף מיר פערלאָזען! זאל דיך גאָט בענשען! גריס מיין פאָטער, ישראל׳ן! געהט געזונד!

---

— די געסט אין בן־אבו׳ס שלאָס — ווי מען האט מיר דערנאָך דער־צעהלט — זענען דאָרט געזעסען בערך צוויי שעה, אויף דער ערד, נעבען קליינע טישעליך זענען זיי געזעסען און געגעסען טייטלען, פיש מיט קנאָביל, פלייש, פלוימען, פאַ־פּיל און אַנדערע מאכלים ביי געשרייען: „עס איז נישט דאָ קיין גאָט, אויסער גאָט!" דערנאך האט יעדער געטרונקען דריי שאָלען גרינען, געדיכטען, זיסען טהיי ביי געשרייען: „צום גליק!" אָם ענדע האבען זיי זיך געוואַשען די הענד און אויסגעדעמפט די מלבושים, בערד און האָר מיט דעם ריח פון הייליג האָלץ, וואָס איז געברענט געוואָרען אויף א מעשענער פאָן.

— דער נביא, עליו־השלום — האָבען פרומע דערמאַנט — האט ליעב גע־האַט רויטען וויין, פונקט אַזוי ווי זיסע פרויען!

נאָכ׳ן עסען האָבען זיך אַלע אויסגעצויגען אויף די דיוואַנעס, געשמעקט טאַ־באַק, געזאָגט תפלות מעהר פון עצלות ווי פון פרומקייט, געלאַכט און זיך דערצעהלט

מעשיות. ביים סולטאַן האט מען גערעדט פון עבירות, גרויסע און קליינע. געבליבען איז ביי אַלע, אז די גרעסטע עבירה אויף דער וועלט איז מהרהר צו זיין נאָכ׳ן נביא. איבער אַזא זינד ווערט פון מענש א יוד, א הונד. אום די זינד זאל פערגעבען ווערען, מוז מען 5 מאל אין טאָג מתפלל זיין, קניהען 34 מאָל און לייענען 17 פרשיות פון קאָראַן. רציחה, ניאוף, פאַלש עדות זאָגען — די אלע זענען נור קליינע עבירות און נאָט איז א רחמנות׳דיגער, א באַרמהערציגער און איז מוחל זיינע אָרימע שוואַכע קינדער.

זעהענדיג אז דער סולטאַן איז גוט אויפגעלעגט, האט בן־אבו אָנגעהויבען צו ריהמען נעמי׳ס שענקייט, און נאָך מעהר האט ער בעדויערט איהר איינגעשפּארטקייט, איבער וועלכען זי מוז איצט זיין אין דער תפיסה.

עבד־ער־רחמן האט איהם געענטפערט, אז ער וויל גאָר אזא מכשפה נישט קענען, נאָר אז ער ריהמט זי אזוי, זאָל ער זי ווייזען די געסט.

— ברייננ זי דאָ אהער, באשא! — האט ער געזאָגט און אלע געסט האָבען געפּאַטשט מיט די הענר.

אַלע געסט זענען געזעסען אויסגעצויגען אויף דער ערד און געקוקט אויף דער טהיר, דורך וועלכער מען האָט געזאָלט אריינפיהרען נעמי׳ן. נאָר עס קומט אריין דער שליח און דערצעהלט אז די תפיסה איז לעער, נעמי איז נישט דאָ.

בן־אבו איז ערשטוינט געוואָרען און אַלע געסט האָבען שרעקליך געלאַכט. ביז עס איז געקומען א זעלנער און האָט דערצעהלט, אז די הישפּאנער האָבען באָמ־באַרדירט מארטעל, איצט שטעהען זיי שוין ביי די וואלען פון טעטואן און די איינ־וואהנער פון דער שטאָדט עפענען זיי די טהויערען.

אין איין רגע האט דער פּאלאַץ שוין גאַנץ אַנדער׳ש אויסגעזעהען. אלע זענען געלאָפען אין די שטעלער אריין און געחאפּט פערד צו אנטלויפען. מען האָט זיך אפילו נישט געפּרופט צו רעטען, עס וואָלט שוין גאָר נישט געהאָלפען, די וועכטער פון שלאָס זענען פריהער אנטלאָפען. אום דער שונא זאָל קענען באלד אריין. דער סולטאַן מיט זיינע ווייבער אין עטליכע איז אנטלאָפען פון דער שטאָדט צווישען זיי־גע פערשלאָפענע זעלנער.

בן־אבו איז נישט אנטלאָפען מיט׳ן סולטאַן צוזאמען. ער האט זיך דערמאָנט, אז ער האט לינען בעהאלטען 50,00 דאָלאר אויף א אָרט, וואס קיינער ווייסט נישט, וואָרום דעם מויער. וואס האט איהם דאס לאַך און א מויער אויסגעמויערט, האט ער מיט זיינע איינענע הענד דער׳הרג׳עט.

ער האט געטאפּט אין דער פינסטערניש און געפינענדיג דעם אוצר, האט ער דעם בייטעל בעהאלטען אונטער׳ן מאנטעל און געוואָלט אנטלויפען פון שלאָס.

עס איז שוין אָבער צו שפּעט געוועזען. די הישפּאַנישע זעלנער זענען געלאָ־פען אין שלאָס און בן־אבו האט זיך געמוזט בעהאלטען אין שפּייכלערס פון תבואה, וואס זענען געוועזען אונטער דער ערד. דאָרט האט ער געהערט שרעקליכע געשרייען פון די זעלנער.

— דער פערשאָלטענער! ער איז אונז פערשוואונדען געוואָרען!

— יאָ... זיי זענען אלע אנטלאָפען ווי מייז פון א צובראָכענער שיף!

— די פערשאָלטענע, נידערטרעכטיגע באנדיטען!

דאס האט מען גערעדט הישפאַניש. אויף זיין אייגען לשון, האט ער געהערט אנדערע קולות:

— זוך אין פאַלאַץ!

— אין פרויען־פאַלאַץ!

— עֶבֶד־עַר־רַחְמַן איז אַנטלאָפען, אבער בן־אבו בעהאלט זיך!

— א טויט דעם אבזור!

— א טויט דעם באשא!

— בן־אבו! בן אבו!

פאַר־לייפיג איז ער דאָרט זיכער געוועזען, נאָר פון די שרעקליכע געשרייען איבער זיין קאָפּ, איז ער שיער נישט משוגע געוואָרען. אין טויטשרעק האט ער קוים איבערגעוואַרט, ביז עס איז שטיל געוואָרען: די זעלנער האבען דאס שלאָס פערמאַכט און זענען אוועקגעגאַנגען; דאמאלס איז ער אַרויסגעקראָכען פון זיין בעהעלטעניש און שטיל זיך צוגערוקט צום פרויענפאַלאַץ און אָנגעקלאפט ביי דער טהיר. ער האט גע־הערט פון אינווענדיג דאס וויינען און זיפצען פון די פרויען, קיינער האט איהם אבער נישט געענטפערט אויפ'ן קלאפען און קיינער האט איהם נישט געעפענט.

מיט'ן גאנצען כח האט ער געקלאפט מיט די עלענבויגענס אין דער טהיר (אין די הענד האט ער דאס געלד געהאלטען), ביז דאס בלוט האט איהם פון די אַרמעל ווי פון א טייך געראָנען און די טהיר איז געבליבען פערמאַכט.

בן־אבו איז פון דאָרט אוועקגעגאַנגען און געוואָלט מיט א זייט־וועג אנטלויפען פון שלאָס. אויפ'ן וועג האט ער בעגעגענט עקאטערינאַ'ן און פינף שוואַרצע זעלנער, וואס האבען איהר געוואָלט העלפען צו אנטלויפען.

— מיר זענען געראַטעט — האט זי שטיל געזאָגט — זיי זענען געגאַנגען אין שטאָדט אַריין, זאָלען מיר אנטלויפען!

און מיט דער לאַמטערן אין דער האַנד איז זי צוגעגאַנגען צו א פינסטערן קאָ־רידאָר, וואס האט זיך געצויגען ביז צו דעם טהויער. בן־אבו האט איהר געענטפערט מיט א קללה; ער האט מיט א אַנדערן וועג געוואָלט אנטלויפען. קויקלענדיג זיך ווי א פאַס, אָהן הענד (אין דיענד האט ער געהאלטען דאס געלד אונטער'ן מאַנטעל), האט ער געוואָלט פאַר עקאטערינאַן די טהיר פערמאַכען. נאָר אינדעם האט עלי צו איהם געשאָסען. זייט די זעלנער זענען אוועקגעגאַנגען האט ער געזוכט דעם קאַיד אין גאַנצען שלאָס און ערשט איצט האט ער איהם געפונען.

די זעלנער, וואס זענען געגאַנגען מיט עקאטערינאַ'ן האבען זיך באַלד געוואָר־פען אויף איהם.

— ישראל בן עליאל! — האט ער געשריען, ווי דער נאָמען וואָלט כח גע־האט זיין לעבען צו רעטען און איז געפאַלען טויט.

בן־אבו איז אָבער פון דעם שאָס נישט געשטאָרבען. די קויל האָט איהם נור געוואונדען דעם אָרעם.

— שטעה אויף! — האט געשריען עקאטערינא צו בן־אבו׳ן, וואס האט פון שרעק גע׳הלש׳ט.

אין דער זעלבער מינוט האבען די זעלנער א געשריי געטהון:

— דאס שלאס ברענט!

די זעלנער זענען אנטלאפען און עקאטערינא איז מיט דעם געהלש׳טען אליין געבליבען.

— שטעה אויף! — האט זי געשריען און איהם געווארפען אין אלע זייטען.

ער האט זיך אבער נישט גערי־הרט. קיין צייט צו ווארטען איז נישט געוועזען און דעריבער איז עקאטערינא באלד נאכגעלאפען די זעלנער.

ווען בן־אבו איז צו זיך געקימען, איז זיין פאלאץ געשטאנען אין פלאמען. ער האט זיך אויפגעהויבען און מיט זיינע פערבלוטיגטע הענד צוגעדריקט צו דער ברוסט דעם זאק מיט געלד. פון וויטענס האט ער דערהערט דאס קול פון טויזענדער טריט, שרעקליכע געשרייען און דאס קלינגען פון געוועהר. עס איז געוועזען ליכטיג פון לאמ־טערנען און פייערווערקען, און בן־אבו האט געזעהען, ווי א ים מיט קעפ שווימט צו צום שלאס. ער האט דערקענט, וואס דא איז געשעהען. די איינוואהנער פון דער שטאדט, זעהענדיג אז זיין ממשלה האט שוין אויפגעהערט, קימען איצט זיך נוקם צו זיין אן איהם.

איןביידע זייטען פון וועג אונטער׳ן שלאס זענען געוועזען צוויי הייזליך, און בן־אבו איז צוגעשפרונגען צו איין הייזיל און געבעטען, מען זאל איהם בעהאלטען. נאר די פרוי, וואס איז ארויסגעגאנגען איהם עפענען, איז געוועזען דעם מוירערס א פרוי, וועלכען ער האט גע׳הרג׳עט, בשעת ער האט איהם אויסגעמויערט דאס לאך געלד צו בעהאלטען.

— רוצח, הונד! — האט זי געשריען און פערמאכט פאר איהם די טהיר.

ער איז צוגעגאנגען צום צווייטען הייזיל. דארט האט געוואהנט דעם מוירערס זוהן.

— זיי מיר מוחל! — האט זיך דער באשא געבעטען — מיך האט שוין אללאה געשטראפט. אמת, איך האב א עולה געטהון, דערמיט וואס איך האב דיין פאטער דער׳הרג׳עט. נאר זיי מיר מיחל און ראטעווע מיך!

ער האט זיך געבעטען, געווארפען אויף דער ערד און געוויינט. דער יונגער מאן האט איהם אבער א געשריי געטהון:

— הונד, געמיינער הונד! — און האט איהם ארויסגעווארפען אויף דער גאס.

בן־אבו האט אויסגעזעהען ווי א ווילדע חיה, וואס איז געהאפט געווארען אין א נעץ. מיט פערבלוטיגטע אויגען, איינגעפאלענע באקען און א קורצען, הייזעריגען אטהעם איז ער געלאפען פון איין פינסטערער גאס אין דער צווייטער, געקלאפט אין יעדע טהיר, וואו ער האט געהאפט גוטע פריינד צו בעקומען.

— מאהמעד, צי קענסט דו מיך נישט?

— עלי, איך בין דאס, בן־אבו! קיק, איך בין דאס! דא האסט דו געלד, א־סך געלד, אלעס וועל איך דיר געבען, נאר ראטעווע מיך, ראטעווע!

מיט דעם געשריי איז ער געלאָפען אין דער פינסטערניש ווי א וואָלף, בשעת מען יאָגט איהם. גאָר קיינער האט איהם נישט געוואָלט בעהאלטען. אומעטום האט ער בעגעגענט קרובים פון די, וואָס האבען פון איהם פיעל געליטען, אָדער דורך איהם געשטאָרבען און אומעטום האט מען איהם אַרויסגעוואָרפען.

דערווייל איז מען געוואהר געוואָרען אין שטאָדט, אז בן־אבו לויפט אַרום אין די גאַסען און וויל זיך בעהאלטען.

פון אַלע זייטען זענען מענשען געקומען צו לויפען, איהם צו האַפּען. ער האט אָנגעהויבען צו אַנטלויפען; ער האט אָבער געזעהען, אז זיין גאַנצע מיה איז אומזיסט. די גאַסען זענען פול, און ער האט נישט וואו צו לויפען.

דער המון האט איהם אַרומגענומען פון אַלע זייטען, און ער איז געשטאַנען אָהן טורבאן, דערשראָקען, דריקענדיג דעם זאַק צו דער ברוסט.

ענדליך האט ער אַרויסגענומען פון דעם זאַק פולע הענד מטבעות און געוואָר־פען צווישען דעם המון.

— געלה, געלד פאַר אַלע! — האט ער געשריען.

דאס האט אָבער אויך נישט געהאָלפען. קיינער האט דאס געלד נישט גע־ריהרט.

— אַ טויט דעם קאָיד! — האט דער המון געשריען.

א העלפט מענשען האט געהאט ביקסען, קיינער האט אבער נישט געשאָסען. זיי האָבען בעשלאָסען, אז נישט איינער, נאָר אַלע זאָלען איהם הרג׳ענען.

— שטיינער! — האט איינער א געשריי געטהון, און אין איין רגע האט יע־דער אָנגעהויבען צוזאַמענצונעהמען שטיינער.

בן־אבו האט דעם זאַק געלד געוואָרפען צווישען דעם המון און מיט זיינע גראַ־בע, געשוואָלענע ליפען בעשוואָרען, און געבעטען אַז מען זאָל איהם נישט הרג׳ענען.

דער המון האט אָבער נישט געהערט. פון אַלע זייטען זענען שטיינער געפאַלען, ביז אויף איהם איז געלעגען א גרויסער באַרג שטיינער. ערשט דאַמאָלס זענען זיי אַ־וועק געגאַנגען צופרידען, אַז זיי האָבען זייער חוב ממלא געווען.

---

נעמי האט מיט איהר געלעכטער און געזאַנג מיר פערקירצט די רייזע ביי נאַכט און ווען עס איז טאָג געוואָרען, זענען מיר געשטאַנען פאַר איהר פאָטערס הייזיל.

ליידער זענען מיר צו שפּעט געקומען. ישראל בן עליאל האט שוין קיין ענג־לאַנד נישט געקענט פאָהרען — ער האָט געהאט א ווייטערע רייזע פאַר זיך.

דער וואָס האָט אַמאָל געהאַט א גרויסע ממשלה אין דער האַנד, איז איצט געלעגען אויף א שטרוי־זאַק נעבען דער וואַנד, און ביי איהם זענען נור געווען צוויי שכנים פון דאָרף.

דעם איינדרוק, וואָס דאָס האט געמאַכט אויף נעמי׳ן, בין איך נישט אין שטאַנד צו בעשרייבען; ווער עס האט דאָס אַליין נישט צוגעקוקט, דער קען דאָס גאָר נישט בעגרייפען.

פורפור און געלע בענדער ליכטינקייט זענען אריין אין צימער דורכ'ן פענסטער, בשעת ישראל בן עליאל האט געעפענט די אויגען, ווי ער וואלט פון שלאף אויפגע־קומען און האט דער־זעהען ביי זיך נעמי'ן.

אין דער ערשטער מינוט האט מען אן איהם נישט דערקענט קיין שמחה, קיין בעוואונדערונג. ער האט אויף איהר געקוקט טרויריג און זיין בלאס פנים האט געצי־טערט ווי פון א לייכטען שמייכעל. נעמי האט איהם דאס קישען אונטערגערוקט, אום ער זאל זי בעסער קענען זעהען. דער פערשטאנד האט איהם אבער ווידער אבגע־לאזט אויף פיעל שעה'ן.

דאמאלס איז געקומען פאטימא און האט אונז דערצעהלט אלעס, וואס עס האט פאסירט אין טעטואן, זייט מיר זענען פון דארט אוועק, ווי איך האב שוין אויבען בעשריבען.

ווען די זון איז אונטערגעגאנגען האט זיך ווידער אין ישראל'ן דער פערשטאנד ערוועקט, און ער האט געוואוכס, אז באלד וועט ער שוין אויפהערען צו לעבען.

נעמי האט געקניהט ביי זיין רעכטער האנד און איך בין געזעסען ביים שטרוי־זאק אויף דער לינקער זייט. ער האט געקוקט אויף נעמי'ן מיט ליעבע און עטליכע מאל אויך געקוקט אויף מיר, ווי ער וואלט מיר געוואלט עפיס זאגען. ענדליך האט ער זיך צוזאמען גענומען די לעצטע כחות און געזאגט:

— איך האב מיך צו שפעט מישב געוועזען. איך קען שוין נישט פאהרען קיין ענגלאנד.

נעמי האט שרעקליך געוויינט. הערענדיג די ווערטער. איך האב איהם אבער געענטפערט:

— איך וועל דיך פערטרעטען: איך וועל זי פיהרען קיין ענגלאנד.

ישראל האט אנגענומען מיין האנד און געזאגט:

נאט זאל דיר בעצאהלען!.. געדענק אן איהר!.. זי איז א יתומה... א ארימע יתומה...

— שמע ישראל! — האבען מיר געהערט א געשריי פון הונדערטער מיילער.

— אללאה אקבאר! — האבען מיר באלד דערנאך דערהערט.

פאטימא האט אונז געזאגט, אז אין שטאדט האט מען זיך דערוואוסט, אז ישראל בן עליאל איז א גוסס און פיעל יודען און מוירען קומען מתפלל זיין אויף זיין נשמה.

ישראל האט געהערט, וואס פאטימא האט דערצעהלט, און א שמייכעל האט זיך געוויזען אויף זיין טויט בלאס פנים.

— זיי קומען פונקט צו דער צייט! — האט ער געזאגט.

— אדון עולם אֲשֶׁר מָלַךְ א. ז. וו. — האבען יודען געזונגען.

— אללאה אקבאר! — האבען די מוירען געשריען.

— ה׳ הוא אלהים! — האט ישראל געזאגט.

— אָ, שווער איז איצט דיך איבערצולאָזען — האָט ער מיט זעהר אַ שוואַך קול געזאָגט צו נעמ׳ין – מיר האָבען שוין איצט געקענט אַזוי גליקליך זיין... נאָר ווייז נישט... דאַנק גאָט, וואָס ער האָט דיר געהאָלפֿען, אַז דו קענסט זעהען, הער׳ען און רעדען... דו וועסט נאָך גליקליך זיין...

די תפלות פֿין יודען און מאַחמעדאַנער האָט מען מיט יעדער מינוט העכער גע־הערט. פּלוצלינג האָט ישראל אַ געשריי געטהון:

— שמע ישראל! — און איז אַנטשלאָפֿען געוואָרען אויף אייביג.

איבערזעצט פֿון ע. פּ.

# וועג־בילדער.

און דער וועג ציהט זיך, און ערגיין ווייט ווע׳ט ער פֿערבלאָנדזעט. צווישען די פֿעלדער, אונטער א בארג, און דער הימעל שמייכעלט אראָב צו די פֿעלדער, און די פֿעלדער אַרויף און אַלץ איז אַזוי רוהיג, אַזוי זיכער ביי זיך, אַזוי פֿעסט, אַלץ אַרום איז אַזוי קלאָר, נור איך אליין בלאָנדזע אַרום, צווישען הימעל און ערד... און בלאָנדזען, מיין איך, צווישען הימעל און ער׳ד וועל איך יאָהרען לאַנג, יאָהרען לאַנג... צווישען הימעל און ערד, צווישען אַלערליי גאָט׳ס בעשעפֿעניש. און ד שאָבעע שטיינער רעכטס און לינקס די שטיינער מיט די נומערן זאָגען מיר, אז אַוועק פֿון אַלעס, אויסרייסען זיך, אַנטלויפֿען פֿון דער הבריה איז נישט אַזוי לייכט... אומעטים מענשען, אומעטום זייער אַרבייט, זייערע הענד...

נאָך גוט, טראַכט איך, וואָס זייערע הענד קענען צום הימעל נישט דער־גרייכען, אַז זיי וואָלטען איהם אויך אבגעמאָסטען אויף ווערסטען און מיילען... מיט דער צייט וואָלט זיך א גרויסע אַקציאָנס־געזעלשאַפֿט געמאַכט און וואָלט בעקומען אַ מאָנאָפּאָל צו עקספּלאָאַטירען די זון, די לבנה, די שטערען... און מיליאָנען „טשינאָווניקעס“ וואָלטען געווען און מיליאָנען „שלאַבענס“... און עס שלעפּערט זיך, דער וועג ציהט זיך... און ווייט צווישען הימעל און ערד, הויבט אָן צו טונקלען, און גאַנצע מהנות אבגעריסענע שטיקער וואָלקען ציהען אַרויס און פֿליעסען און טיקען זיך, און גיסען זיך צוזאַמען, און רייסען זיך איבער... און אנדערע שטיקער הימעל פֿערשלייערען זיך אין לייכט און דורכזיכטיג זעגען די זילבערנע שלייער, און די שלייער ציהען זיך צונויף, בעהעפֿטען זיך, עס ווערט אַזוי היימליך און פֿריינדליך, גלייך מען שפּיעלט אין בעהעלטעניש.

און קיין איינציגעס הייזיל זעהט מען נישט... אויס! גאָט׳ס וועלט, נישט קיינעמס! און די טוי־בעדעקטע פֿעלדער הויבען זיך צו צו די טוי־בעדעקטע הימלען, און די פֿייכטע הימלען לאָזען זיך אַראָב צו דער ערד און עס ווערט איין וועלט,

ווי איין גאט׳ס... און די איינגעוואקסענע גרעזליך אין דער ערד בעווענען זיך שטיל, זיכער, ווי עפיס א קינד וואס וויגט זיך אין דער מאמעס שויס, און אזוי טהוען אויך די שטערנדליך אין הימעל... און די גרעזליך מיט די שטערענדליך קוקען זיך איבער און שמייכלען...

און ווען איך זעה דאס אלץ פערשעם איך מיך פאר זיך אליין, פאר וואס איך אליין בין העכער פון די אלע גרעזער, וואס וואקסען ארום, אלץ איז איינגעוואקסען איינגעוואקסען איינגעוואר-צעלט אין דער ערד, נאר איך אליין קייך ארום עפיס אזוי ווי איך וואלט מיך פון דער ערד אבגעריסען, אין דער וועלט זיך נעלאזט, איך האב מיין מאמען פערלאזט, מיין טאטען אוועקגעוואר־פען און ווי א יתום דרעה איך מיך אליין ארום, זוכענדיג ערגיץ א מקום מנוחה... עפיס זעהט דאס אויס חצפה׳דיג, פערלאזט איז עס... און דארט אין מיטען פעלד, הונטען אין א טהייל שטייגט א ביימיל ארויס און גלאצט אויך אין דער וועלט אריין. דאכט זיך ער פיהלט אויך דאס זעלבע: העכער געוואקסען פון אלע גרעזער... דער גרעסטער פון אלע... א שען פנים האט דאס!...

---

און די שטיקליך אבגעריסענע וואלקען האבען זיך צוזאמען בעהאפטען איינס מיט דעם צווייטען, און עס שוועבט שוין א לייכטער פאנסער איבער דעם הימעל: טהייל ערטער איז דער פאנסער דורכגעריסען און פון די אויפגעריסענע ערטער גלענצט עפיס ווי בעשטויבטע ליכט אזוי ווייך, און בעהעלט אזוי קושענדיג די לייכטע הויזענדיגע וואלקען.

א רעגען וועט זיין!

דאכט זיך עס פרעהט מיך! אליין בין איך אויפין וועג, ווי דאס גרעזעלע וועל איך זיין, נישט האבענדיג פאר דעם רעגען זיך וואו צו בעשיצען.

א שטילע ליעבע אימה הערשט איבער אלעם, די גרעזער ביינען די קעפ איין אין רוהמען אין דער שטיל איינס צום אנדערען: „א רעגען וועט זיין״! דער לאנגער וועג וואס ציהט זיך דארט, דאכט זיך, גייט אויך זיך אן צום רעגען: „וואס קען איך טהון״ — וואלט ער זאגען. פון ערגיץ ווייט קומט א פויגעל אן צו פליהען און פליהט מיט רעש אדורך, אנזאגענדיג: א רעגען וועט זיין! און דארט אין פעלד שאקעלט זיך דער ביים, די צווייגען רוישען מיט אימה...

און די פעלדער ציהען זיך, גלאצען אין הימעל אריין — הקדוש ב״ה היא, מיר זענען גרייט אנצונעהמען דיין גוט׳ס וואס דו שיקסט אונז!

איך געה אויף דעם וועג.

דארט ווייט דערהויבט א ווינד דעם שטויב, א געדיכטער קוזש ווערט, פון אונטער א טאהל קומען צוויי פערד ארויף שלעפענדיג זיך — דערנאך ווייזט זיך א פויער מיט א בייטש אין האנד.

אט ווייזט זיך א דעביל.

דארט אין טאהל שטעהט א הייזיל. און עפיס ווי פערשעמט בעהאלט עס זיך אין די געדיכטע צווייגען און די פיעלע בלעטער פון די בוימער וואס שטעהען

ארום. און דאָס הייזיל איינגעטונקט צווישען די גרינע בלעטער זעהט אויס פֿון דער־ווייטען ווי עס וואָלט פֿון דער היילער ערד ארויסגעוואקסען.

א קליין שמאָל וועגיל פֿיהרט פֿון דעם וועג אראָב און פֿערשלענגעלט זיך אויף די פֿעלדער. עס פֿיהרט צום הייזיל צו.

עס הויבט אָן לייכט צו טריעפֿען... די ערד זאַפּט איין די טראָפּען.

עס טריעפֿט און די טראָפּען בלייבען הענגען אויפֿ'ן גראָז ווי נוטע טרעה־רען... און פֿערהוֹאָלקענט איז דער הימעל נור פֿ'ן איין זייט: אויף דער צווייטער זייט שמייכעלט די זון מיט אַ גוט נעלעכטעריל... עס הייסט: זעהט, וואָס זיין ליעבער גאָמען קען!

איך נעם מיך אראָב אין אַ זייט צי'ן א בעהאלטען הייזיל צו... א הונד קומט מיר פֿיינדליך אקעגען, לאָזט מיך דורך און בעגלייט מיך נאָך צוריק צו דער טהיר.

א פויעריש הייזיל, נידריג אבער זיכער לינט דער באלקען אויף פֿיער אבגע־וויסטע וועגד... היילינע בילדער ארום. אונטער איינעם אין א ווינקעלע, לייכט אַ לעמפיל א קליינס, דער שוואכער שיין פֿון לעמפּיל צופליעסט אזוי ווייך אין דער טונקעלקייט פֿון שטוב, מישט זיך אוים מיט די לייכט בעווענליכע שאָטענס. ביים קוימען זיטצט די פויערטע און צינד אונטער צוויי העלצליך... קליינע, קליינע יונגליך מיט אבגעברענטע פנימ'ער און פֿלאכע העלע פֿלאקסענע האהר רינגלען מיך ארום און בעקוקען מיך פֿערוואונדערט. אין צווייטען עק ביין א וויעגיל שטעהט נאָך איינס מיט אַ גרויסען קאפּ, וואס וואלקעט זיך אויף א דינעם האלז און קוקט מיך אָן פֿון ווייטענס און שמייכעלט. ביי די באָרוועסע פֿיס לינט איהם אַ שוואַרצער קורלאַטע הונד און קוקט איהם אין פנים אריין, און וואַרט אויף א בעפֿעהל...

קען איך מיך פֿערהאלטען דאָ, ביז דער רעגען וועט אריבער?

די פויערטע ערלויבט עס מיר פריינדליך און דערלאַנגט מיר אשטוהל צו זיצען.

פֿון דרויסען הערט זיך א ווייטער דונער... גלייך פֿיהרען וואָלטען דורכגעריבען אויף אַ הארטען וועג.

און אין שטוב איז שטיל געוואָרען. און אין דער שטילקייט דערהער איך איין אלטע שוואַכע שטימע:

— ברוך אתה ה׳ אלהינו... אַ ברכה איבער'ן דונער.

איך קוק מיך אום, אין ווינקעלע ביים פֿענסטער, זיצט איינגעהויקערט א יוד איבער א שניידערשער ארבייט.

עס ווערט מיר היימליכער. איך נעה צו.

— שלום עליכם, פֿעטער!

— עליכם שלום, א יוד.

— אודאי געקומען נערשט קויפֿען! טרעפֿט ער.

— ניין, איך געה נור פֿאָרביי.

— וואו אהין?

— קיין שעמעניץ.

— אַזוי, נאָך שעמעניץ, איך בין טאקי א שעמעניצער.

און דאָס האָב איך אליין געוואוסט. מען דערקענט עס אין איהם, צווישען די קנייטשען אויף זיין אַלטען פנים ליגט שעמעניץ און שמייכעלט!

יערע קהלה האָט שוין איהר סטעמפּיל, וואָס זי לעגט אויף איהרע איינוואהנער...

דאָס לאַנג אויסגעצווינגענע פנים, די מאגערע באַקען, די קנייטשען אַרום די אויגען, די קנייטשען אַרום איינגעפאַלענעם מויל, זענען על־פּי נוסח שעמעניץ. על פּי ניסח שעמעניץ זענען אויך די שוואַרצע טאַבאַקצייכען אונטער דער לאַנגער שפּיצינער נאָז...

— וואָס טהוט איהר דאָ, ר' ייד! פרעג איך אָבי צו פרעגען.

— איהר זעהט דאָך!

— אין דער היים קיין אַרבייט נישטא דאָ?

— נייע מאַ־עס — ציפצט ער — א יונג פון אַלרי שוואַרצע יאָהר געקומען מיט אַ אַכט קאַנטיג היטיל, א „וואַרשאַווער שניידער" זאָגט ער... האָט ער שפּע... און איך אויף דער עלטער מוז אַרומגעהען אויף די דערפער. ער האָט נייעס... איך ניי, אזוי ווי מיין טאַטע האָט מיך געלערענט, און אַזוי ווי מיין טאַטענס טאַטע האָט מיין טאַטען געלערענט...

און גלייך ער וויל מיך טרייסטען, גיט ער צו:

— יעדען פרייטאָג קום איך צו מיין אַלטער... אַהיים! — באַ... אומעטום נאָט'ס וועלט און זיינע בעשעפעניששען!

דערהוויל האָט זיך אויסגעלייטערט און די זון איז אין פענסטער אַריין.

— נאָך ווייט קיין שעמעניץ? פרעג איך.

איך דאַנק דער בעל־הבית'טע, געזעגען מיך, דער אלטער האָט מיר לאַנג נאָכגעקוקט.

— ערשט מאָנטאָג! הער איך אונטער מיר זיין זיפץ.

---

צוריק אויפ'ן וועג! דער הימעל איז קלאָר, די וואָלקען ציהען זיך ערגיץ אַוועק; די נאַסע פעלדער שמייכלען צום הימעל און דאַנקען פאַר דער שפע...

און איבער דעם קלאַרען הימעל מיט בלויע פערטונקענע וואָלקען בייגט זיך אויס א גאָלדענער רעגען־בויגען מיט בלאָע קאַנטען, „גאָט איז באַרמהערציג, ער האָט זיך דערמאָנט" — זאָגט דער הימעל און טרוקענט די ערד מיט ליכטיגער ליעבשאַפט, ווי א מאַמע ווישט אָב די בעקליך פון אַ פערוויינט קינד...

---

די זון טיקט זיך. אַ לייכטער וואָלקען שוועבט איבער'ן הימעל, אין מערב גיעסט זיך אויס אַ גאָלדענער ים מיט צוואָרפענע בלאָע אינזעלן. א רונדיגע לבנה שניידט זיך אויס פון די וואָלקען און קוקט אַפּער, ווי פון אונטער אַ פאָרהאַנג, און דער וואָלקען בעווענט זיך לייכט ווי א פאָרהאַנג, און שוועבט איבער דער לבנה...

און וואָס אַ מאָל מעהר ווערט דער רויטער ים ווינציגער, די טונקעל בלאָע אינזעלן — גרעסער, דער הימעל אַרום געוועזען ים פערטונקעלט זיך, און דער וואָלקען איבער דער לבנה ווערט שיטערער און לייכטער, און שוועבט אריבער און עס בעוויזט זיך אַ זילבערנע לבנה.

פֿון דערווייטען בעווייזען זיך עטליכע שיטערע בוימער... גלייך זיי הייבען זיך פֿון ערגיץ אָפּער, און זיי מעהרען זיך — עס ווערט פֿון זיי אַ וואלד... און דער וועג פֿערבלאָנקעט זיך צווישען די בוימער און עס שווימען אַרום אין דער לופֿט פֿערבלאָנזעטע קולות... מענשליכע שטימען צוזאַמען מיט אַ געקוואַקעריי פֿון פֿרעש.

אַ פויערש יונגיל קומט מיר אַקעגען מיט אַ ליעדיל, מיט אַ ווייך קלינגענדיג ליעדיל, און ער נעמט זיך ערגיץ אַראָב אין עק זייט און ווערט פֿערשוואונדען, און דאָס ליעדיל וויעגט זיך נאָך אין דער לופֿט.

די בוימער ווערען שיטערער, דאָס שימערען פֿון די בלעטער הערט אַ ווייל אויף, עפּיס ווי האָרכענדיג שטעהט די געגענד... מען רוהט זיך אב... פֿון דער ווייטען הערט מען נור דאָס געקוואַקעריי פֿון פֿרעש.

און דאָרט ווייט שטאַרט עפּיס אין דער לופֿט... עס קומט וואָס אַ מאָל שאַרפֿער ארויס, נאר וואָס ווייס איך נאָך נישט. אַ הונד בילט... דערנאָך געהט אַ אויסגעצויגענער „מע" בלשון רבים. קיה געהען אַהיים זיך מעלקען... גרויסע, גרויסע געלע פֿלעקען בעוועגען זיך... מעע...

אַ פויערטע מיט אַ צווייגיל געהט נאָך.

דער הימעל איז שוין טונקעל; קליינע שטערען זעהען אויס — ווי ליכטיגע פענסטערליך אין די שטיבליך פֿאַר מלאכים, די לבנה ווי אַ גרויס פֿענסטער אין זיין ליעבען נאָמענס פאלאץ... און נאָר אין עק, ווייט, ווייט, פֿערזינקט דאָס לעצטע ביסיל רויטקייט און ווערט פֿערטרונקען און אפשר אויסגעטרונקען פון גאנצע מחנות טונקעל־בלאָע וואָלקען... אדער ווייס איך וואָס זיי זענען?...

עס בעווייזען זיך שעמעניצער הייזליך... נידריגע הייזליך איינס אבגערוקט פֿון צווייטען, פלאַץ איז ביליג! ווייבער זיצען אויף די שוועלען פֿאַר די טהירען, און שמועסען, קינדער לויפֿען אַרום איבער'ן שטיינערנעם בריקיל פון איבער'ן אויסגעטרוקענטען טייכיל פאַר די הייזער. אין מיטען מאַרק ליגען גרויסע בינד שטרוי; אַ נאָך אַ מאַרק־טאָג. אין אַ ברייטע „ליק" צווישען צוויי הייזליך שפיעלען זיך הדר־יונגליך אין זעלנער.

אַ איינפֿאָר־הויז. אַ שילד מיט רויטע טראַנספּעראַנט אותיות... אַ לעמפּיל רייכערט זיך פֿון הינטען. אויף אַ שוועל פֿון אַ געוועלב שטעהט אַ מיידיל מיט אויפֿגעקעמטע האָר און אַ ווייס פֿאַרטוכיל און קוקט אין גאַס אריין, וואו אַנדערע מיידליך שפּאַצירען, און קוקט צו דעם פֿעלדשערס שוועל געגענאיבער. דאָרט שטעהט אַ יונג מיט'ן הוט אויף אַ שפּיץ „גרזיווע", ווינקט צו איהר... קוק דערווייל דרייצעניעהריג מיידעלע. דיין זוג לערנט זיך ערשט דאָס פּשט'ל צו „בר־מצוה"...

סאַמע ווייבער און קינדער — וואו זענען די מענער?

— יתגדל ויתקדש... רייסט זיך פון בית־המדרש א־ויס: דארט זענען זיי „אמן יהא שמה רבא...“ ענטפערט דער עולם מיט א רעש.

און טהייל ווייבער אויף די שוועלען ווישען זיך די הענד אן די ספארניצעס און זאגען: אמן, יהא שמ־ה רבא...

שעמעניק דאוועט!

די נאכט איז צינעפאלען, זיכער און שטיל שטעהען די קליינע הייזליך ארום מארק זיי זעהען מ־ר אויס, ווי אלטע ווייבער מיט שטריק־נאדלען אין דער האנד וואס האבען זיך פערזאמעלט אין א גרויסע שוהל און ווארטען, די זאגערין זאל קומען, א זאגע־ין מיט ברילען אויף דער נאז, מיט'ן פעקיל תחנות אין דער האנד...

אבער א לבנה האט שעמעניק!

מונקעל איז דער הימעל, מיט שטערן ווי מיט ווייסען מאן בעשיט, א־ין מיטען שניידט זיך אום א ריכטיגע לבנה, טאקי יהושיע'ס פנים, און א איינציג פנימה'לע, די שכינה שיינט אויפ'ן הייליגען פנים... און זי קוקט אראב, די לבנה, אויף איהרע ליבע „כנסת ישראל“ אין שמייכעלט צו'ן איהר.

און אונטער מיר פרעגט א יונגע ששימע:

— מען מעג דען קוקען אין דער לבנה אריין?

איך קוק מיך אום, א פאר גרויסע קינדישע איגען אין א בלאס דאר פנים'ל.

— מען מעג? האַ? מען מעג?

און איך טראכט מיר: די שעמעניצער לבנה איז אפשר דעריבער אזוי קלאר, אזוי הייליג, אזוי ריין, ווייל קיינער קוקט נישט א־ף איהר...

שלום אַש.

# דאס חברה'שע לעבען פון בינען.

די בינען לעבען חברות־ווייז. אין א חברה פון בינען געפינט זיך נור איין נקבה, פון 6 ביז 8 הונדערט זכרים און פון 10 ביז 30 טויזענד בינען־ארבייטער. אין א קאלאניע פון בינען געפינט זיך תמיד נור איין זי, זי ווערט אנגערופען די קעניגין פון דער קאלאניע. ווען עס ערשיינען אין א קאלאניע צוויי נקבות, פיהרען זיי מלחמות, ביז איינע פון זיי ווערט דערהרג'ט, אדער ביז איינע ציהט ארויס מיט איהרע פריינד און מאכט זיך א צווייטע קאלאניע.

ווען די קעניגין פערלאזט דעם אלטען בינשטאק, געהט זי פון איהם ארויס מיט רעש. איהר ציהט זיך נאך א גרויסער המון פון בינען־זכרים און ארבייטער. דער המון פליהט אומעטום נאך דער קעניגין. דאס רוב פליהען די בינען נים ווייט אוועק פון זייער אלטען בינשטאק. די קעניגין לאזט זיך אראב אויף א בוים אדער איף א בנין און אלע איהרע בעגלייטער זעצען זיך א־ום איהר, איינער אויף דעם אנדערען

אזוי אז זיי ווערען צוזאַמען ווי איין שטיק, וואָס הענגט אַמאָל אַראָב פון בוים ווי איינע א פרוכט. דער קנויל בינען איז אַמאָל גרויס און הענגט אַזוי צוזאַמען אין איין שטיק גאַנצע שעה'ן.

די בינען זענען זעהר שטאַרק צוגעבונדען צו דער קעניגין. פאַר איהר זענען זיי גרייט צו געהן אין פייער און וואַסער. עס איז אַ גרויסע סכנה דערפאַר צו טויטען פאַר זיי אין די אויגען זייער קעניגין.

בעת די קעניגין רוהט מיט איהרע טרייע אונטערטהאַנען אויף אַ בוים, ווערען אַרויסגעשיקט עטליכע אַרבייטער צו געפינען אַן אָרט פאַר אַ קאָלאָניע. אז די מרגלים געפינען ערגיץ אַ פוסטען בוים אָדער אַ פאַסענדיגעס לאָך, קעהרען זיי זיך אום צוריק און געבען איבער זייער פרעהליכע בשורה. דאַן לאָזט זיך די קעניגין מיט איהרע אונטערטהאַנען געהן אין זייער נייע וואָהנונג.

ווען דער פייער זעהט אַ מחנה בינען, וואָס זוכט זיך אַ נייע היים, קומט ער זיי צו הילף און ציהט זיי אַריבער צו זיך אין אַ בינשטאָק. דערצו נעמט ער אַ קאָרב, לעגט איהם צו מיט דער אָפענער זייט צום קנויל בינען, שאַרט זיי שנעל אַריין מיט אַ ברייטען ברעט אין קאָרב און דעקט איהם מיט דעם ברעט גלייך צו. דערנאָך נעמט ער דעם קאָרב מיט די בינען און טראָגט זיי אַריבער, וואוהין ער וויל. די בינען בלייבען אין קאָרב. עס ווערט פאַר זיי איבערגעלאָזט אין איהם נור אַ קליין לעכיל, זיי זאָלען קענען אריין און אַרויסגעהן.

נאָך דעם ווי די בינען האַלטען זיך אויף אין קאָרב קען מען גלייך וויסען, צי עס געפינט זיך אין איהם אויך די קעניגין אָדער ניט. אויב זי איז אין קאָרב פאַרהאַן, בלייבען די בינען רוהיג און זיי געהען נור איינצעלהייז אַרויס צו זייער געוועהנליכער אַרבייט. איז אָבער די קעניגין אין קאָרב ניט פאַרהאַן, הויבען אָן די בינען שטאַרק צו זשומען. פליהען אַלע שנעל אַרויס פון קאָרב, כדי צו זוכען זייער פערלאָרענע קעניגין. אין דער צייט פון זוכען זענען די בינען זעהר בייז, און עס איז זעהר געפעהרליך צו האָבען דאַן מיט זיי צו טהון. דער פייער, וואָס וויל חאַפען די בינען טהוט דעריבער אָן אַ דראָטהענע מאַסקע און לעדערנע הענדשקעס.

זענען אבער די בינען פערזאַפט געוואָרען צוזאַמען מיט זייער קעניגין, הויבען די בינען גלייך אָן זייער אַרבייט. די קעניגין בלייבט תמיד אין קאָרב. מיט איהר צוזאַמען בלייבען די זכרים און אַ טהייל אַרבייטער. די איבריגע לאָזען זיך אוועק אין פערשידענע קאַנטען צו קלויבען עסענוואַרג און מאַטעריאַל אויף צו בויען.

די בין, וואָס איהר גאַנצער קערפּער איז בעדעקט מיט דינע הערעליך, פליהט אַוועק אויף אַ בלום, וואו זי נעמט זיך אָן האָניגזאַפט אדער בלומענשטויב. דעם בלומענשטויב קייקעלט זי צונויף אין אַ געלע קנויל און זי לעגט איהם אַריין אין די פערטיפונגען פון איהרע הינטערסטע פיסליך, וואָס זיי זענען געמאַכט געוואָרען ווי אַ מין בעקענס.

דאָס ערשטע, וואָס די בינען טהוען, איז צו פערקיטעווען דעם גאַנצען קאָרב פון אַלע זייטען, עס זאָל זיך אין איהם ניט געפינען קיין שום שפּאַלטעלע. די בינען ליידינען אויס אין קאָרב זייער מאַטעריאַל, וואָס זיי האָבען צוזאַמענגענומען אויף עסען

און בויען, און פליהען גלייך ווייטער אַוועק נאָך נייעס זאַפט אדער נאָך נייעס שטויב. די אַרבייטער, וואָס בלייבען איבער אין קאַרב, טהיילען פינאַנדער דאָס מאַטעריאַל און בויען די קעמערליך פון בינשטאָק. ווידער אַנדערע זענען משרתים ביי דער קעניגין, קלויבען אויס די בעסטע שפייז און דערלאַנגען עס איהר צו עסען.

אַז דער גאַנצער קאַרב איז אויסגעטאַפעצירט פון אינעווייניג, זעהט ער אויס, ווי ער וואָלט דין און גלאַט איבערגעצויגען געוואָרען מיט וואַקס. לאָזט מען אַריין די בינען אין אַ קאַרב, וואָס איז שוין אַריבערגעצויגען מיט וואַקס פון אַ פריהערדיגער מחנה בינען, טאַפעצירען זיי איהם ניט נאָך אַמאָל, נאָר זיי רייניגען איהם בלויז אויס, פערריכטען די שפאַלטען און דערנאָך הויבען זיי אין איהם אָן צו בויען זייערע נעסטען.

די נעסטען מאַכען די בינען פון וואַקס. וואַקס שיידען זיי אַרויס פון זייערע בייכליך. אויך האָניג איז ניט קיין ריינער זאַפט. וואָס די בינען נעהמען אַרויס פון פלאַנצען, נאָר זיי אַרבייטען איהם ביי זיך אין גוף אום און שיידען איהם אויס פון מויל צו טראָפּענווייז. די טראָפּענס ווערען צונויפגעקליבען אין בעזונדערע שפייכלער.

די נעסטען אָדער קעמערליך פון אַ בינשטאָק זענען זעהר וואונדערבאַר געבויט. אַלע קעמערליך זענען זעקסקאַנטיגע, און זיי זענען אַזוי געבויט, אַז די שפּיצען פון די קעמערליך זענען איינגעשטעלט איינע אין די אַנדערע. די וואַקסענע ווענדטליך, וואָס טהיילען אָב איין קעמעריל פון דעם אַנדערען, זענען זעהר דין און גלאַט. די ווענדטליך זענען אומעטום גלייך. אין ערגיץ ניט צו דין אדער צו דיק, אַזוי גלייך און ריכטיג צו בויען אין אַלע ווינקלען, אַזוי גלייך צו מאַכען די הויכקייט און ברייטקייט פון די ווענדטליך, וואָלט דער מענש געקאָנט נור מיט דער הילף פון פיעל אינסטרומענטען, לויט גענוי געמאָסטענע פּלענער, און אַזוינע מאַטהעמאַטיש גענויע און וואונדערבאַר שענע בנינים׳ליך שטעלען אויף די בינען אָהן צירקלען און אָהן ליניעס.

צו בויען זייערע נעסטען הויבען אָן טויזענדער בינען מיט אַמאָל, אין מען מוז זיך נור פערהרושען לויט וואָס פאַר אַ קונסט און גענויאיגקייט זיי טהוען זייער אַרבייט. וואו אַלץ איז אויסגערעכענט אויף אַ האָר. וואָלט נור וואו עס איז איין קעמעריל אַוועקגעשטעלט ווערען ניט אויף זיין אָרט. וואָלט מען שוין געדאַרפט איבעררוקען און איבערמאַכען אַלע איבריגע קעמערליך, מיט אַ בעזונדער נעבענטשטען חוש צו בויען ווייס יעדע בין גענוי דעם אָרט, וואו זי דאַרף אַוועקשטעלען איהר בנין׳יל, עס זאָל גוט אַריינפּאַסען צו די בנינים׳ליך פון אַרום.

צווישען יעדער שורה שטעהענדיגע קעמערליך געפינט זיך אַזוי פיעל פּלאַץ, אַז צוויי בינען קענען דורכגעהן. די שטעהענדיגע שורות ווערען צוגעקלעבט צום קאַרב פון אויבען און פון אינטען. ווען זיי זענען אבער נאָך אַליין צו שוואַך, ווערען צוגעשטעלט זיילען פון וואַקס.

די קעמערליך דיענען קודם כל פאַר ווינעליך פאַר די יונגע בינ׳ליך. דערנאָך ווערען פון זיי שפייכלער פאַר האָניג.

די קעניגין און די זכרים, וואָס געפינען זיך אין יעדען בינשטאָק, נעהמען ניט קיין חלק אין דער אַרבייט. זיי לעבען פון פאַרטיגען, וואָס די אַרבייטער דערלאַנגען זיי און וואָס זיי גרייטען אָן פאַר זיי אין בעזונדערע קעמערליך, וועלכע זענען פער־

מאכט מיט א טיהריל פון וואקס. די ארבייטער, אויף וועלכע עס ליגט ארויפגעווארפען די גאנצע ארבייט פון בינשטאק, בויען אויך קעמערליך פאר די נייגעבארענע ווייבליכע בינען. דאס זענען קעניגליכע קעמערליך, ווייל פון יעדער נקבה ווערט א קעניגין פון א בינשטאק. די קעניגליכע קעמערליך זענען אנדעריש געבויט, זיי זענען גרעסער און האבען דיקערע ווענדטליך. די איבריגע קעמערליך טהיילען זיך איין אין גרעסערע און קלענערע. די גרעסערע זענען פאר די זכרים, די קלענערע פאר די ארבייטער. אז דער גאנצער בינשטאק ווערט פארטיג אויסגעבויט, געהט ארויס ביי א שענעם וועטער די קעניגין מיט אלע זכרים און פליהען אוועק הויך אין דער לופטען. די קעניגין קומט מיט איהרע בעגלייטער באלד צוריק, און שוין איבער 46 שעה הויבט זי אן צו לעגען אייער. זי געהט איבער פון איין קעמעריל אינס אנדערע און אין יעדערען לעגט זי צו איין אייעלע. די קעניגין קען אין 5 יאהר לעגען ביז 1 מיליאן אייעליך.

גלייך ווי די קעניגין הויבט אן צו לעגען אייעליך, דארף מען שוין דאן ניט מעהר די זכרים, און כדי עס זאלען ניט בלייבען אין בינשטאק „דארמאיעדניקעס", פוסטאפאסניקעס, דערשטעכען די ארבייטער די זכרים און ווארפען זיי ארויס פון בינשטאק, אין די חדשים יוני, יולי און אויגוסט געפינט מען גאנצע קופעס פון זייערע פגרים ביי דעם אריינגאנג פון בינשטאק. אין ווינטער בלייבען די בינען אהן די זכרים, און דאס איז פאר די קאלאניע זעהר ניצליך, ווייל די זכרים זאמלען ניט און ארבייטען ניט און לעבען נור פון דער הארעוואניע פון אנדערע.

פון די אייעליך, וואס די קעניגין לעגט, קומען ארויס ארבייטער, זכרים או נקבות. פריהער עפענען זיך די אייעליך, וועלכע זענען פריהער געלעגט געווארען. נאך 3—4 טעג, ווי דאס אייעלע איז געלעגט געווארען, קומט פון איהם ארויס א קליין, ווייס ווערימיל, אהן פיסעליך. דא הויבט זיך ערשט אן די הייסע צייט פאר די ארבייטער. די ארבייטער האדעווען די יונגע ווערימליך, און גיבען זיי די נויטהיגע שפייז. אין 5—6 טעג ארום ווערט דאס ווערימיל פערציינגען פון אלע זייטען אין א מין געוועב, און עס ווערט פערוואנדעלט אין א דיק קייקעלע אדער פופע. די ארבייטער פערקלעפען דאן דאס קעמעריל מיט א טהיריל פון וואקס, און די פופע בלייבט אין קעמעריל אליין, אין משך פון 8—15 טאג קריכט פון דער פופע ארויס א ביהן. זי ברעכט אויף דאס וואקסענע טהיריל און מאכט זיך פריי. אבער אין עטליכע טעג ארום ווען דאס איז איין ארבייטער, געהט ער שוין ארויס פון קארב און ארבייט צוזאמען מיט זיינע חברים.

נאך די ארבייטער קומען ארויס די זכרים און די נקבות. זיי וואקסען אויך אזוי, ווי די בינען־ארבייטער. א פערענדערונג קומט אריין אין לעבען פון בינשטאק ערשט דאן, ווען א יונג נקבה׳לע הויבט אן צו ברעכען איהר טהיריל, כדי ארויסצוקומען פון איהר קעמעריל. ביי דער אלטער קעניגין ערוועקט זיך דאן גלייך די קנאה און זי לויפט צו איהר יונגען טאכטיריל, עס צו דערשטעכען. נאר די ארבייטער קומען דער יונגער בין צו הילף און פערשטאפען דעם ארויסגאנג פון קעמעריל מיט פיעל וואקס. אין בינשטאק הויבט זיך אן א רעש און געפילדער. עס ווערען צדדים און כתות. דער אלטער דור האלט געוועהנליך פאר די אלטע קעניגין, צו איהר שטע־

הען געוועהנליך אויך צו א טהייל פון יונגע זכרים, בעת דער יונגער דור היט אב דעם וועג צו דער יונגער נקבה.

און אין דעם געפילער און די מחלקות׳ן, וואס ענטשטעהען צוליעב די יונגע וייב־ליכע ביהנען, טרעפט גאנץ אפט, אז די אלטע קעניגין, וואס האט געגרינדעט די אלטע קאלאניע, פערלאזט ווידער דעם בינשטאק און לאזט זיך זוכען צוזאמען מיט איהרע טרייע פריינד איין נייעס ארט.

ווי נור די אלטע קעניגין האט אבגעטרעטען איהר ארט און די מלוכה איהר יונגער טאכטער, נעהמען גלייך די ארבייטער צו דעם וואקס ביי׳ן טיהריל, וואס האט פערשפארט דעם אויסגאנג פון קעמעריל; דאן קומט ארויס די יונגע קעניגין, און איהר ערשטע ארבייט איז איסצוהרג׳ענען איהרע אלע קאנקורענטינען אויף דעם קעניגליכען טראהן. זי לויפט פון קעמעריל צו קעמעריל, און וואו עס געפינט זיך נור א נקבה, דערשטעכט זי זי אויף טויט, ביז זי בלייבט אליין די הערשערין פון דער גאנצער מלוכה.

ווען עס קומט אבער פארט ארויס א צווייטע ווייבליכע בין, הויבט זיך געוועהנליך אן פון דאס ניי א מלחמה. די צווייטע קעניגין געפינט געוועהנליך אויך פריינד, וועלכע בעלאגערן איהר קעמעריל און היטען זי אב פון דער מערדערין. דאס דויערט אזוי לאנג, ביז די יונגע קעניגין ווערט שטארק גענוג, אנצוהויבען א מלחמה מיט איהר שוועסטער. די מלחמה געדויערט אזוי לאנג, ביז איינע פון זיי ווערט דערהרג׳עט, אדער ביז די עלטערע וואנדערט ארויס פון בינשטאק און מאכט זיך מיט איהרע פריינד א נייע קאלאניע.

אין דער אלטער קאלאניע רודפ׳ט ווייטער די איבערגעבליבענע קעניגין אלע איהרע געגנערינען, זי טויט זיי, אדער זי ווערט אליין פערטריבען. די מלחמות אין די בינשטאקען געדויערן אפט זעהר לאנג און לאזען זיך אויס דערמיט, דאס אלע ווייב־ליכע בינען ווערען אויסגע׳הרג׳עט, און די מלוכה פון די בינען בלייבט אהן א מלכה.

בלייבט דער בינשטאק אהן א הערשער׳ין, ווערען אונארדנונגען אין דער מלוכה. די גאנצע מלוכה ווערט חרוב. די בינען פליהען ארום גלאט אין דער וועלט אריין איבער אלע זייטען און זשומען, זיי פליהען ניט מעהר נאך שפייז און נאך בוי־מאטעריאל. אין בינשטאק שטעלען זיך אב אלע ארבייטען. א טהייל יונגע בינען פליהען אוועק פון זייער היים און זוכען זיך נייע ערטער צו וואהנען, וועלכע זיי דאר־פען ערשט איינגעהמען דורך א שווערע מלחמה. א טהייל בינען בלייבען אין זייער אלטען בינשטאק, אום דא צו שטארבען פאר דער צייט, חאטש אין די שפייכלער פון בינשטאק ליגט אנגעגרייט גענוג שפייז. געלינגט אבער א מענשען אריינצוטרא־גען אין די קאלאניע א יונגע קעניגין פון איין אנדער בינשטאק, אדער דאס ווערימיל, אדער די פופע פון א קעניגין, ווערט די מלוכה ווי אבגעלעבט. די פערטרויערטע בי־נען פרעהען זיך מיט זייער נייער קעניגין, זיי האדעווען זי און בעהאנדלען זי, ווי אנ־איינענע, דארט געבוירענע הערשערין.

ווען דער מענש קימט די בינען ניט צו הילף, העלפען זיי זיך אפט אַליין. זיי צוברעכען די קעמערליך, וואו עס ליגען נאך ניט געעפענטע אייעליך. זיי קלויבען פון זיי אויס די אייעליך, פון וועלכע עס דאַרפען אַרויסקומען אַרבייטער. זיי בויען אויס גרויסע קעניגליכע קעמערליך און לעגען אין זיי אַריין די דאָזיגע אייעליך. דיי־זעלבע אייעליך, פון וועלכע עס קומען אַרויס אַרבייטער, קענען אויך אַרויסברענגען פון זיך קעניגינען, ווען זייערע ווערימליך האָבען בעסערע שפייז און ליגען אין גרע־סערע קעמערליך.

אַזוי ווער'ט אויסגעהאָדעוועט אין בינשטאָק א נייע קעניגין, וועלכע נעמט גלייך איבער די מדות און די ראָלע פון אַ אמת'ער הערשערין. N.

# ראש חודש.

די פּאַריזער וועלט־שווינדלער — די פֿאַמיליע הומבערט האָט מען אין הישפּאַניען געכאַפּט! די הישפּאַנישע פּאָליציי האָט זיי שוין איבערגעגעבען דעם פראַנצויזישען קאָנסיל און מען האָט זיי אויך שוין טראַנספּאָרטירט קיין פּאַריז. די פראַנצויזישע רעגירונג, וואָס מען האָט בעשולדיגט, אז זי קוקט אויף דער זאַך דורך די פינגער, עטעמט פרייער אָב און וועט זיך אפשר אנהייבען פרייער אריינמישען אין איסלענדישע פּאָליטיק, צוזאַמען מיט רוסלאַנד און עסטרייך אין דער טערקיי, וואָס דאַרף איינפיהרען רעפאָרמען אין מאקעדאָניען און קען נישט, אָדער צוזאַמען מיט דייטשלאַנד, ענגלאַנד און איטאַליען אין ווענעצועלא, וואו מען מאַהנט אָב פּריוואַטע חובות מיט קאַנאָנען...

די וועלט, אויב זי ווערט נישט בעסער, ערליכער ווערט זי. שטענדיג פלעגט מען מלחמה האלטען צוליעב עולם־הזה, פשוט געזאָגט: צוליעב דער מטבע. נאָר נ ע ו א נ ט האָט מען: צוליעב היילינע זאַכען. אויף די פֿעהנער איז געוועזען אויסגעשטיקט מיט גאָלדענע אותיות: לשם יחוד דעם פּרינץ, דעם פּאַטערלאַנד, דער רעליגיאָן, דעם היילינען קבר און וואָס איהר ווילט. דער ערשטער עהרליכער מאַן איז געוועזען ביסמארק, וואָס האָט פֿון פּאָליטישען פנים אַבגעריסען די מאסקע און אָפען געזאָגט, „אַז די געוואלט געהט פריהער פֿאַר'ן רעכט"... דייטשלאַנד מיט ענגלאַנד צוזאַמען, און איטאַליען אלס נאָכשטיפּערין, פֿערלאַנגען גאַנץ איינפאַך: געלד! בעצאָהלט אונזערע באַנקירען זייערע חשבונות!

אַ קליינע מלחמה האָט זיך שוין אָנגעהויבען. און אַז די פֿעראייניגטע שטאַטען וועלען זיך אַריינמישען לשם־יחוד „אמעריקא פאַר אמעריקא", וועט ווערען א גרויסע מלחמה, א וועלט־מלחמה און וועגען וואָס? וועגען 5 מיליאָן פּריוואַט־חובות...

דערווייל שיעסט מען שוין, האָטש דאָס פֿרידען־געריכט זיצט אין האַג און וואַרט.. און קלערט, נאָך וואָס עס זיצט!

און אַז עס דונערט, הערט מען נישט, ווי פֿיש־בלאָזען פּלאַצען... און אז קאַנאָנען רעדען, הערט מען נישט ווי רומענישע יודען קרעכצען, און דער אַמעריקאַניש־ענגלישער פּראָטעסט בלייבט אויפ'ן פּאַפּיער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נישט לאנג איז אין וויען אויך א שטיקיל מלחמה געווען, נאר א יודיש־קהל׳שע: מען האט פארשטעהער געוועהלט...

די ציוניסטישע —, צוזאמען מיט דער יודישער פאלקס־פארטיי, האבען געוואלט אין פארשטאנד אריין, ראטשילד עט קאמפאניע, צוזאמען מיט עטליכע סאציאליסטען, האבען זיך געוועהרט. געזיעגט האבען — ראטשילד עט קאמפ.

ווילט איהר — טרויערט אביסיל, ווילט איהר זאגט: גם זו לטובה!

דאס הויפט־געשעפט פון יודישע קהלות איז צדקה, און צו צדקה מוז מען האבען גבירים, וואס קענען געבען און נעמען אויף צדקה! מיט „שטייער” אדער, ווי מען רופט עס „עטאט”, איז נאך קהל נישט צו פיהרען! א נביא האט געמוזט זיין א הכבד, א גבור און איין עושר; פאר א ראש־הקהל איז איבערגענוג דאס לעצטע. „חכמים” מוזען זיין די קהל׳שע בעאמטע, יודישע גבירים זענען בכלל אין איבריגע זאך. מיט ענוה פיהרט מען מעהר אויס, אבער עשירים מוזען זיי זיין; אויף דעם שטעהען — שפיטעלער, שוהלען און וואס איהר ווילט!

אונזערע קהלות וועלען נאך לאנגע, לאנגע יאהרען האפען אויף א צאפעל פון א גבידיש הארץ, כדי פון דער פערציטערטער האנד זאל ארויספאלען א מטבע פארן יתום, פאר דער אלמנה, פארן קראנקען ארימאן... פון צייט צו צייט בעווייזט זיך די לייוואנד אין דער קהל׳שער קעשענע, און מען מוז ווארטען, איין אבגעלעבטער גביר, וואס האט שוין קיין צייהן און קיין מאגען נישט פאר „אמת גוטע זאכען”, זאל חשק בעקומען צו׳ן אביסיל כבוד און אריינשטעלען א בעטיל אין יודישען הקדש... און שפעטער, אז עס וועט קומען די רעכטע צייט, דער אפעל זאל אראבפאלען פון בוים, זאל ער, הס־ושלום, נישט פערהאפט ווערען און אביסיל צייט האבען צו ציטערן פאר׳ן מלאך־המות מיט׳ן גידונם און צו קויפען זיך ביי קהל א חלק לעולם־הבא פאר באר בשר געלד...

און כל־זמן פאלקס־פארטייען און ציוניסטען האבען קיין גבירים נישט, מעגען זיי זיך האלטען פון דער ווייטען!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאס זעלבע לאזט זיך זאגען וועגען די וואהלען, וואס זענען אין ווארשוי געווען.

אין ווארשוי איז קיין ארגאניזירטע יודישע פאלקס־פארטיי נישט פאראן און ארויסגעטרעטען זענען נור ציוניסטען אליין. גענען זיך האבען זיי געהאט די ווארשאווער „פאסטעמפאווצי” מיט ווארשאווער חסידים צוזאמען. די ציוניסטען האבען נישט אויסגע־פיהרט. מען האט נאך די „שטימען” נישט אויסגעצעהלט, דאך ווייסען אלע, אז קיין איינציגער ציוניסט וועט דאס מאל נישט דרימלען אין א קהל׳שען פאטער־שטוהל, אבער די ציוניס־טישע שטימען וואקסען און מיט דער צייט — — מיט דער צייט וועלען די ציוניסטען איינעמען ווארשאווער קהל, ווי וועלען זייער איינענע גבירים האבען!

נאר אויב דער ווארשאווער ציוניזם איז נאך נישט גביריש, בעל־בתי׳ש איז ער שוין און גאנץ פיין בעלי־בתי׳ש! די אנדערע פארטייען האבען קיין „פראגראמען” נישט ארויסגעגעבען, זייער פראגראם איז דאס, וואס זיי האבען ביז אהער געטהון: דאס גע־מיינדע הויז, דאס איינציגע אין גאנץ רוסלאנד, דאס נייע שפיטאל, די שוהלען, די תלמוד־

תורה'ס, די רבנים, דאָס „הייליגע אַ־ט“. אַ וואַרשאַווער בעל־הבית ווייסט, וואָס מען האָט געטהון און וואָס מען קען טהון... די „צדקה“ וואַקסט און וועט וואַקסען פֿון טאָג צו טאָג, אַביסיל טרוקען, אַביס'ל האַרט, אַביס'ל אַרומגעשפּ'נען מיט איבריג שרייבעריי, נאָר גרעסער ווערט זי און דייכער אין אַנשטאַלטען, אין לענאַטען — —

די ציוניסטען דאגעגען, וואָס ווילען דאָס געשעהענע ירש'נען און ווייטער פֿיהרען לויט זייער פּראָגראַם, האָבען געמווט איבער איהם מבריז ומודיע זיין, און זיי האָבען עס געטהון, און דער פּראָגראַם איז גאַנץ בעל־בת'יש אַרויס...

ווען עס זאָל זיין אין וואַרשוי איין אָרגאַניזירטע פֿאָלקס־פּאַרטיי, וואָלט זי זיכער דעם פּראָגראַם נישט אונטערגעשריבען, עס ווימעלט אין איהם מיט רבנים, מנידים, מלמדים, אַביסיל מעהר לשון־קודש... און דעם קהל'שען שטייער ווילען די ציוניסטען העכער אָבער נישט שטייגערען, נישט אַבשאַפֿען די נאָרמע... דער בעל־בת'יש—ליבעראַל־פֿרומער פּראָגראַם איז געדרוקט און פֿערשיקט געוואָרען אויף העברעאיש און פּאָלניש: יודיש נישט!... דאָס וענען קהל־זאַכען און וויסען דערפֿון דאַרפֿען נור די, וואָס צאָהלען, די וואָס לעזען העברעאיש אָדער פּאָלניש איז נישט דאָס פֿעקיל..

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

צו לעצט עטליכע פֿראַנעצייכען.

דער „וואָסחאָד“ האָט מיטגעטהיילט, אַז די רוסישע רעגירונג איז ברעה צו קאָלאָניזירען יודען אין רוסלאַנד. צו דעם צוועק זאָל פּראָיעקטירט ווערען אַ רעכט, יודען זאָלען מעגען קויפֿען אין גאַנץ רוסלאַנד קאָלאָניען, פֿון 20, 30 און 50 דעס'אַטין, יעדעס מאָל מיט דער ערלויבנים פֿון דער פּאָליציי.

די נאָוואָ'ע ווריעמיא איז אַרויס נעגען „יודישע פּלענער“ מיט אַ פֿייער, און טרייסט זיך און איהרע לעזער דערמיט אַז „לֹא הָיָה וְלֹא נִבְרָא“—עס איז קיין זאַ פּראָיעקט נישט, פֿאַרהאַן.

די „בורושצנאַסט“ איז נעקומען אַלס תַּנָא דְמְסַיֵּיעַ דעם „וואָסחאָד“ און פֿערזיכערט אַזאַ פּראָיעקט איז זיכער פֿאַרהאַן...

פֿרעגט זיך:

צי איז ער פֿאַרהאַן באמת?

צי, אויב ער איז פֿאַרהאַן, וועט ער אויסנעפֿיהרט ווערען,

און — אויב ער וועט אויסגעפֿיהרט ווערען, צי וועט דאָס געברויך פֿון אַ „פּאָליצייליכע איינוויליגונג“ נישט נעגוג זיין, דאָס געזעץ זאָל בלייבען אויפֿ'ן פּאַפּיער?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָך אַ פֿראַגע:

אין רוסלאַנד הערט מען וואָס אַמאָל פֿון נייע קאָנצעסיאָנען אויף יודישע צייטונגען—

פֿרעגט זיך:

צי וועט דאָס אָרמע יודישע פּובליקום דאָס אַלץ טראָגען?

צי קען דאס אלץ די יודיש-ליטעראַרישע ארבייטס קראַפט בעריענען ?

צי ווע‌לען ענדליך אונזערע בלעטער אויפהערען צו זיין כל־בו־ניקים און בעקומען פראגראמען ?

ווער ווייסט...

---

און צינד אדיע, אָדער: צום ווירערזעהען עניג אַנדערש!

י״ל צופּעלינ.

# די יודישע פֿאמיליע

## א מאנאטליכער זשורנאל

## פֿיר ליטעראטור און וויסענשאַפֿט.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

באנד I-II:

תרס"ב-תרס"ג—1902.

קראקא, תרס"ג.

בדפוס יוסף פישער (גראדגאססע 62)

DIE JÜDISCHE FAMILIE, Monatsschrift.

Verlag „Achiasaf“. — Druck von Josef Fischer in Krakau.

# אינהאלט:

„DIE JÜDISCHE FAMILIE“ — Monatschrift.
Verlag „Achiasaf“. – Verantwortlicher Redacteur Josef Fischer, Krakau.
Druck von Josef Fischer in Krakau.

# די פּראָגראַמע פון דעם „פריינד" איז פאָלגענד:

א) לייט־אַרטיקלען: די עקאָנאָמישע פראַגען, אַרטיקלען איבער יודישע לאַגע, מסחר, מלאכה, פאַבריקאַציאָן, א. ז. וו.: די יוריסטישע פראַגען, אַרטיקלען איבער געזעצען און זאַקאָנעס א. ז וו.; ערציהונג, אַרטיקלען איבער ערציעהונג פון פאָלק און פון קינדער: א. ז. וו.

ב) די אָפיציעלע אַבטהיילונג: בעפעהלען, אוקאַזען, רעשעניעס פון סענאַט וועגען אַלץ וואָס איז נוגע צו יעדען רוסישען איינוואָהנער, און בעזונדערס איבער יודישען וואָהן־רעכט, וואָאינסקי פּאָווינאָסט, קאַראָבקע א. ז. וו.; וויכטיגע רעשעניעס, וואָס האָבען אַ בעזונדערע פראַקטישע בעדייטונג פיר יודען וועלען מיר ציימענווייז דרוקען אין אָריגינאַל־רוסיש, מיט איבערזעצונג, כדי צו קענען ברייננען אַ נוצען אין פּראַקטישען לעבען.

ג) דאַס אַלגעמיינע טעגליכע לעבען. ד) פּאָליטיק. ה) מסחר:

נאָך זעהר אַ אויספיהרליכער פּראָגראַמע גלייך מיט אַלע גרויסע רוסישע טעגליכע צייטונגען.

ו) טעלעגראַמען: גלייך מיט אַלע רוסישע טעגליכע צייטונגען.

ז) דאַס טעגליכע יודישע לעבען אין רוסלאַנד: נייעס, וואָס זיינען נוגע צו יודען, שטעדט און שטעדטליך, אַ טעגליכער פעליעטאָן איבער דאָס יודישע לעבען אין דער פּראָווינץ, קאָרעספּאָנדענציע־בריעף פון ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענ־טען פון יודישע שטעדט אין רוסלאַנד.

ח) וואָס הערט זיך אין די צייטונגען?

ט) דאַס יודישע לעבען אין אויסלאַנד: אַרטיקלען, נייעס און בריעף פון ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטען אין בערלין, פּאַריז, וויען, לאָנדאָן, ניו־יאָרק, יאָהאַניסבורג א. ז. וו.

י) פּאַלעסטינא און ציוניזם: אַרטיקלען איבער פּאַלעסטינאַ, יודישע קאָלאָניעס, אַרטיקלען איבער די ציוניסטישע בעוועגונג, די קולטור־פראַגען, פּאָליטי־שע, עקאָנאָמישע א. ז. וו. מיטהיילונגען און בעריכטע איבער אַלץ, וואָס עס הערט זיך אין דער ציוניסטישער וועלט, קאָנגרעס׳ן, פערזאַמלונגען עטצ.

יא) וויסענשאַפטליכע אַבטהיילונג: פּאָפּולערישע אַרטיקלען איבער יודי־שע און אַלגעמיינע געשיכטע און ליטעראַטור. נאַטורוויסענשאַפט, רייזע־בעשריי־בונגען, מעדיצין און היגיענע, טעכניק און האַנדווערק.

יב) ליטעראַרישע אַבטהיילונג: ערצעהלונגען, ראָמאַנען, שירים, ביאָ־גראַפיע, קריטיק, פעליטאָן א. ז. וו.

יג) אַנטוואָרטען פון דער רעדאַקציע: מיר האָבען פערשאַפט ביי אונזער רעדאַקציע אַ ביוראָ פון ספּעציאַליסטען. וואָס וועלען אונטערזוכען אַלע פראַגען פון אונזערע אַבאָנענטען און געבען אויף זיי גלייך קלאָרע אַנטוואָרטען.